# ...יא רויבער באנדע

דאס איז איין וואונדערליכע ערציילונג וואס האט
פאסירט מיט צווייא ברידער וואס וואהרען ניט גלייכע,
דער לעזער וועט גרויס פערגעניגען האבין אונ וועט
זיך אמוסר ארויס נעמען צו גיין אין גוטען וועג מיט
גאט אונ מיט לייטען׃

פערפאסט פון י. בלאך


נסבר לצמיתות לרי״ל מ״ץ.

נאכדרוק פערבאטען.


## ווילנא


РОУБЕРЪ БАНДЕ.

...йка Разбойниковъ Разсказъ I. Блоха.

Съ Виленскаго изданія 1886 г.

Соб. изд. Л. Л. Маца.

# דיא רויבער באנדע

אין דער גרויסער שטאט קאשטירע וואס עס ליגט אין אסט
אינדיען האט געוואוינט אגעוויסער גביר ר׳ זלמן ער האט געהאט
אפרויא מיט קינדער אונ האט גילעבט זייער גרויס ארטיג אבער
דיא וועלט זאגט וואס רייכער מער קארגער אונ אזו איז ריכטיג
מיט אים גיוועזען, ער איז גיוועזען אזו קארג דאס מען פלעגט איין
ארעמאן דיא קלענסטע נדבה ניט געבין, ער איז גיוועזען זייער
שטאלץ אונ דער צו אויך שלעכט, ארעמע לייט פלעגין ווייכין
פון אים ווען אויך זיינע בעלי חובות צום בייא שפיל דיא ארבייטער
וואס ארבייטען פאר אים זיינען גיוועזען גרויסע ארעמע לייט, דען
ווער פלעגט גיין צו אזא מענטשין ארבייטען, דער וואס האט
שוין ניט גיהאט אנדערש וואו צו טאן אונ איידער ליידיג צו גיין
איז דאך שוין גלייכער עפעס צו פערדינען, פלעגט ער אלעמען
בערייסען אונ אפילו דיא געלד וואס זייא האבין פארדינט האבין
זייא אויך מיט גרויס צער בעקומען עס איז גיוועזען שרעקליך צו
צו זעהען וויא זייא פלעגין זיך בייא אים בעטין דיא געניאדיגע
ברויט, דען אוועק געבין אחוב איז בייא אים אוים גיקומען וויא
ער וואלט גיגעבין אנדבה, זייא פלעגין מוזען לויפען פיל מאל אונ
אם ענדע פלעגט ער זייא אוים צאלען ביסלעך וויים מיט גרויסע
פארווירפע אונ זייא האבין גיהאט דיא ביטערע צרות פון אים.

זיין פרויא מיט דיא קינדער האבין זיך שוין אנדערש אויף
געפירט זייא האבין גיהאט גוטע הערצער אבער זייא האבין ניט
גיקאנט געבין דען זייא האבין פאר אים מורא גיהאט ווען ער
פלעגט טרעפין איין ארעמאן בייא זיך אין שטוב, פלעגט ער דעם
ארעמאן שלאגין אונ ארויס ווארפין אונ אין שטוב האט מען שוין
גיהאט פון אים אפינסטערע מפלה, דאך פלעגין זייא אמאל איין
ארעמאן אריין האפין אונ אים געבין עסין אונ אנדבה אונ וואס
צום ניכטין געהייסין גיין, דיא ארעמע לייט פלעגין שוין וויסען

זיין פאקטופאק את האבין זיך גלייך אפ געטראגין , אום ניט צו פערקומען עטליכע שטעקין , אזו האט זיך געפירט זייער הויז לאנגע יארען אונ פלעגין אזו אפ לעבין זייער אונרוהיג דען זייא איז ביטער גיוועזין אז מען דארף זיך היטען פון אמענשין וואס קען צו טרעפין גראדע אין אשלעכטע צייט , דען זייא קענען דאך ניט וויסען ווען ער קומט אונ ווען ער גייט אוועק , פון אידעשקייט האט ער אויך ווייניג געהאלטין , ער איז גיוועזין אימער פארהארעוועט אין גישעפט אונ האט ניט צייט גיהאט צו עסין צו שלאפין קיין שבת קיין יום טוב האט ער געהאלטין , ער האט נור גיזעהען צו קלייבען די קאפיקע אונ צוא בערייסען יערען , ער איז גיוועזען שלעכט אין אלע זיינע זיטען .

אין דיא זעלביגע שטאט האט געוואונט זיינער אברודער וואס וואר גראדע אין געגענטייל ער איז גיוועזען אבער אגרויסער ארע־מאן , זיין פרויא מיט דיא קינדער האבין גילעבט זייער ניט גוט דען ער האט אויף זיך אליין ניט גיקוקט אבער זיין פרויא מיט דיא קינדער ווארען ביא אים זייער טייער דארום האט אים זייער לייד גיטאן וואס זייא קוועלין זיך אזו , זיין ארבייט איז גיוועזען דאס ער פלעגט פארין אין וואלד מיט אבארין פערדיל אונ אצוברעכענעם וועגיל אונ פלעגט צריין פירען האלץ אין שטאט , זיין געזינד איז בעשטאנען פון פינף זין מיט דרייא טעכטער אונ אז ער פלעגט פאר קויפען זיין וועגיל האלץ פאר דרייסיג קאפייקען האט ער דער פון העלפט ארעמע צו טיילט אונ מיט דיא אנדערע העלפט האט ער זיך ערנערט , שטעלט אייך פאר וואס פאר אלעבין ער האט פערבראכט אויף אזא ארט וויא שלעכט וויא ביטער איז דאס זייא גיוועזען , אבער זייא זיינען צו פרידען גיוועזען מיט זייער אור־טהייל זייא האבין זיך גילעבט גאנץ בשלום אונ זיינען גיוועזען אפילו האלב הונגעריגע אבער צופרידענע מענשין , דיא איבעריגע צייט פלעגט ער פערברייננען אין בית המדרש אונ לערנין תהלים זאגין, אונ ער האט זיך אזו כל ימיו גילעבט , דיא גמרא זאגט בתר עניא אזלא עניותא דאס הייסט נאך דעם ארעמאן שלעפט זיך

אָרֶעמְקַייט מן הסתם דַארְף דֶער פַאר מָאנֶערְטֶער פֶערְדִיל אַוֶועק
פִיינֶערִין אונ דֶער פְּרוּמֶער ר׳ גְדַלְיָה הָאט שׁוֹין נִיט גִיהַאט אוֹיף
וָואס צוּ פָאדֶערְן דָא קֶען מֶען שׁוֹין פֶערְשְׁטֵיין וִויא אוּנְגְלִיקְלִיךְ עֶר
אִיז גֶעוָוֶוארִין דָאס עֶר הָאט שׁוֹין דִיא קְלֵיינֶע הוֹצאה אוֹיךְ נִיט
גִיקָאנְט עֶרְטְרָאגֶען, עֶר אִיז אַרוּם גֶעגַאנְגֶען וִויא אַצוּמִישְׁטֶער אונ
הָאט נִיט גֶעוואוּסְט וואוּ פְרִיעֶר צוּ פַאלִין עֶר אִיז אַרוּם גִיגַאנְגֶען
אַגַאנְצִין טָאג אָן שֵׂכֶל, אונ אַז דִיא קִינְדֶער הָאבִּין אָנְגֶעפַאנְגֶען
צוּ לֵיידִין הוּנְגֶער הָאט עֶר זִיךְ בֶּעדַאכְט אַוֶועק צוּ גֵיין אִין וַואלְד
אונ בְּרֵיינְגֶען אוֹיפִין אַקְסִיל וִויא פִיל עֶס אִיז הָאלְץ אונ דָאס פֶערְ-
קוֹיפֶען אוּם דִיא קִינְדֶער הָאטְשׁ מִיט טְרוּקֶענֶע בְּרוֹיט צוּ עֶרְנֶערִין
עֶר אִיז אַוֶועק אִין וַואלְד אונ הָאט גֶענוּמֶען אַגְלֶעבֶּע הָאלְץ אונ
גִיבְּרַאכְט אִין שְׁטָאט, אונ הָאט עֶס פֶערְקוֹיפְט אונ הָאט עֶרְנֶערְט
זַיינֶע קִינְדֶער טַאקֶע מִיט טְרוּקֶענֶע בְּרוֹיט, אונ אַזוֹ הָאט עֶר גֶע-
לֶעבְּט נָאךְ אַצַייט פוּן זֶעקְס חֳדָשִׁים בִּיז דֶער פָּארִיץ הָאט דֶעם
וַואלְד פֶערְקוֹיפְט אונ דֶער אַנְדֶערֶער הָאט שׁוֹין גִישְׁטֶעלְט וֶועכְטֶער
דָאס מֶען זָאל פוּן וַואלְד קֵיין הָאלְץ נִיט פִירֶען, דָא אִיז גֶעבְּלִיבֶּען
נֶעבַּאךְ דֶער אָרֶעמֶער גדליה וִויא אַנֶגעשְׁטָארְבֶּענֶער הֶערֶענְדִיג דִיא
טְרוֹיעֶרִיגֶע נַייס אונ הָאט זִיךְ קֵיין עֵצָה נִיט גֶעקָאנְט גֶעבִּין עֶר אִיז
גִיקוּמֶען אַהֵיים מִיט גְרוֹיס אוּנְמוּט דִיא קִינְדֶר זַיינֶען אַרוּם גֶעפַאלִין
אַרוּם אִים אונ גֶעבֶּעטִין דִיא גֶעוֵויינְלִיכֶע שְׁטִיקֶעל טְרוּקֶענֶע בְּרוֹיט
אָבֶּער זַייא הָאבִּין גֶעפוּנֶען לֵיידִיגֶע צוּ רִיסֶענֶע פַּאלֶעס, עֶר הָאט
זַייא מִיט טְרֶערִין עֶרְצֵיילְט דִיא בִּיטֶערֶע נַייֶעס עֶס אִיז גֶעוָוארִין
אַקְלָאג אִיבֶּערִין שְׁטוּבּ יֶעדֶער קִינְד הָאט אִין אַבֶּעזוּנְדֶער וִוינְקֶעל
גֶעוַויינְט דָאס אַיין נָאט הָאט גִימֶעגְט הֶערִין זַיין גֶעוויין אונ עֶר
הָאט גִימֶעגְט אַקוּק טָאן אוֹיף דִיא אַרֶעמֶע עֶלֶינְדֶע הוֹיז גֶעזִינְד.
צוּם בְּרוּדֶער צוּ פַאלֶען עֶר זָאל אִים עֶטְוָואס הֶעלְפִין אִיז בַּייא אִים
גִיוֶועזִען דֶער טוֹיט, דֶען עֶר הָאט גֶעוואוּסְט דָאס עֶר וֶועט אִים אַרָאפּ
נֶוארְפִין פוּן אַלֶע טְרֶעפּ, הָאט עֶר קֵיין אַנְדֶערֶע וֶועג גִיהַאט וִויא
בַּייא גָאט דֶעם טוֹיט צוּ בֶּעטִין. דִיא וַוייבּ הָאט גֶעהוּנְגֶערְט אָבֶּער
זִיא הָאט גֶעשְׁווִיגֶען אָבֶּער דִיא קִינְדֶער הָאבִּין גֶעוַויינְט זַייא ווילֶען

עסן אונ עס איז ניט גיוועזן אזאדים מען זאל קענען דער פאר
עפעס באקומען ער האט אויס געטאן זיין ראק וואס ער האט
גיטראגען אונ האט פארקויפט פאר אקליינינקייט אונ האט דער
פאר ברויט געקויפט אונ האט די ארעמע הונגעריגע קינדר געשטילט
אונ האט אן געטאן זיין אלטין ראק וואס ער האט פאר איארין
אוועק געווארפין אונטערין איבין, אבער וואס וועט מארגין זיין
האט ער זיך אליין גיפרעגט אונ איז טאקע געבליבין אן אנטווארט
ווייל ער האט ניט געוואוסט ער האט נור געהאפט דאס ער וועט
מארגין שטארבין, צום אומגליק איז ער מארגין אויף גישטאנין
נאך אין גרעסערע שמערצין דען דיא קינדער ווילען שוין באלד
עסין אונ עס איז ניט דא וואס צו פערקויפין, ער איז געבאך
אוועק אין בית המדרש אריין אונ האט זיך גיזעצט לערנען, זיין
ברודער זלמנס קינדר האבין זיך דער פון דער וואוסט אונ האבין
גלייך דאס מארגעס דיא ערשטע טריט צום פעטער גימאכט אונ
האבין זייא דערוואוכט אין מיטין הונגער זייא האבין זיך ביטער
פארנאנדער געוויינט, אונ האבין ארויס גינומען אנדבה אונ דער-
לאנגט מיט דיא פערשפרעכונג זייא אונטער צו העלפין אן זייער
פאטערס ידיעה אונ האבין אזוי געטראגין אלע טאג צו דיא ארעמע
געזינד שפייז וויפיל מיגלאך איז, אדער אמאל אנדבה ווען זייא
האבין גיהאט אונ טראגענדיג זיינען זייא זייער אויף ריכטיג גיווען
דער פאטער זאל זייא ניט באגעגינען אונ פלעגין קוים מיט שרעק
אריין פאלין בייא זייא אין שטיבעלע אונ פלעגין מחיה זיין דיא
ארעמע נפשות וואס האבין געוואַרט אויף זייער הילף, איין מארגין
זיינען זייא גיגאנגען מיט אקליינעם פעקיל צום ארעמען פעטער
זייא זיינען שוין באלד אין שטוב גיווען וויא זייא האבין פלוצלונג
אשלעפ בעקומען, זייא בליקען אום אונ דער זעהען זייער פאטער
זייא זיינען זייער ערציטערט געווארין אונ האבין ארויס געווארפין
דעם פעקיל פון האנד פון גרויס שרעק, דער פאטער האט אויף
געהויבין דיא טיביל, אונ האט ניפרעגט מיט גרויס צארין וואי
טראגט איר דאס? צום פעטער האבין זייא קוים אויס גירעט.

צום פעטער ? האט ער גיפרעגט , ווער האט דאס אייך געהייסין
גיראגין ? אונ האט זייא ביידין מיט געזונטע פרעסק מכבד גיוועזן,
נא דיר צום פעטער איר ווייסט אז איך וויל דאס ניט ליידין אונ
האט זייא ביידין אהיים גישלעפט מיט דיא פערשפרעכונג זייא
דארטין צו בעצאלין . אבער גיך זייא היינטיגען מאל אוועק ,
האט זיך אב גערופין דער קנאבע , באלד האט ער געפילט אין
דיא אנדערע באק נאך אשטארקערין פראסק בעקומען דאס ער
איז קוים אויף זיינע פיס איינגעשטאנין דער פאטער האט זייא
אהיים אוועק גישלעפט אונ האט זייא ארענטליך בעצאלט , אונ
האט זייא צו גיזאגט אגרעסערין לוין אויב ער וועט נאך אמאל
זעהען זייא גייענדיג , אונ האט דערבייא פאר זאגט דאס זייא זאלין
פון שטוב ניט ארויס גיין דען ער וועט זייא פאר טויטע מאכין
אויב זייא וועלין פון שטוב איבערין שוועל ארויס טרעטין .

דא איז גיבליבען דיא ארעמע פאמיליע אין אשלעכטין צו
שטאנד זייא האבין פשוט ניט גיהאט מיט וואס זיך צו דערקוויקען,
דער ר' גדליה איז גיקומען אהיים אונ דיא קינדר האבין אים דער
ציילט וויא דער פעטער האט געשלאגין זיינע קינדער בייא זייער
פענסטער פאר וואס זייא האבין אונז גערטראגין עסין , ר' גדליה
האט זיך גוט פאנאנדער געוויינט אונ האט מיט טרערין בייא דיא
נייב אין עצה גיפרעגט וואס מען טוט , אבער זיא האט נור מיט
אשרעקליכען קרעכטץ דעם ענטפער גיגעבין , דער קרעכטץ האט
אים אזוי אשטאך גיגעבין דאס ער האט זיך בעשלאסין וואו עס
איז לויפין פאר דיגען אדער צו מענשין צו פאלין , נאכהער האט
ער זיך דער מאנט ער וועט פרובירען לויפין אין איין אנדער וואלד
פילייכט וועט מען אים דארטין לאזין פירען האלץ , אונ איז אוועק
געלאפין אין איין וואלד וואס איז גיוועזן עטליכע ווארסט הינטערין
שטאט אונ האט גינומען זובען צו דער גיין אויב מען לאזט דא
געסען ער האט גינומען זובען דיא שטיביל פון וואלד כטאראז
אים צו פרעגין , אבער ער האט אזוי לאנג געזוכט ביז עס איז
דונקיל גיווארען אונ האט גיט גיפונען , ער נעמט גיין צוריק אבער

עס איז שוין געווען פינסטער ער האט שוין דיא וועג ניט ערקענט ער איז געפאלין אויף דער ערד אונ האט פיל געוויינט דער נאך האט ער אויס געזוכט אבוים וואו ער זאל קענען איבער נעכטיגן אין געפאר דאס האט ער באלד געפונען אונ איז ארויף גיקלעטערט אין דער הויך אונ האט זיך געזעצט אב רוהען אבער ער האט ניט גיקאנט איין שלאפין דען ער האט זיך גיטראכט גאט ווייס וואס מיט דיא קינדער איז אויב ער וועט זייא נאך גיפינען לעבעדיג איז ער געווען אין צווייפיל, צווייטינס האט ער ניט גיקענט איין שלאפין ווייל עס איז אים פרייערדיג געווארין, עס איז אים פאר גיקומען טרויעריגע גידאנקען יעדער רויש פון אבוים האט איהם געשראקין אונ עס האט זיך אים אפ גידאכט אנגעשרייא פון אלייב ער איז גילעגין אין איינע ציטערניש, עס האט איהם געווארפין איילין הויך עס איז געוועזן פינסטער אין וואלד, יעדער בוים אונ דיא גראז מיט אירע בעטגעוואנד זיינען געווען ווייא מיט שווארצע דעקעס בעציינען עס איז געוועזן פירכטערליך צו זעהען דעם גאנצין וואלד מיט אירע בעגעבענהייט.

פלוצלונג האט ער דער הערט אשרעקליכען געשרייא מיט שרעקליכע מוזיק פון אנאנצע באנדע וואס האבין זיך גילאזען, וואס נעהנטער דער טומעל פון דיא פערד אונ דיא בעלייכטונג פון דיא פאקעלין האבין איבער צייגט אונזער ר' גדליה'ן דאס דיא זיינען אבאנדע רויבער, ער איז גילעגין אויף דעם בוים אין שרעק אונ אונ אין אימפעם ער האט זיך פעסט איין געוויקעלט אין דיא צווייגען אונ געקוקט אויף זייא מיט גרויס שטילהייט ער איז גילעגין אום בעוועגליך אונ האט מורא גיהאט דעם אטהעם אב צו ציהען, דיא שרעקליכע מינוטען זיינען אן גיקומען זייא זיינען פאר בייא גיגאנגען אלע בייא דעם בוים מיט זייערע בעלייכטונגען אונ האבין אבער צום גליק אים ניט דער זעהען ער איז גילעגין אין דיא צווייגן איין געוויקעלט אונ האט געקוקט נאך זייערע טריט אונ זייא האבין זיך באלד אפ גישטעלט איינער מיט אלא־טערנע אין דיא הענד, אונ איז צו גיגאנגען צו אנאהענטע בוים

אונ האט אריין געשטעקט דיא האנד אונ האט ארויס גענומען
א שליסעל וואס דער אנדערער האט אויף געשפארט דיא ערד אונ
האט דיא שליסעל אום געדרייט אין דיא ערד עטליכע מאהל, עס
האט זיך געעפענט אטיר מען האט דארטין אריין געטראגין אלע
זעק וואס זייא האבין מיט געבראכט באלד דארויף האט זיך דער
לאנגט אקלאפ אונ עס האט זיך צוריק דיא ערד צו גימאכט,
אונ עס איז געבליבען שטיל אונ פינסטער אין דעם גאנצין געגענד
אזו וויא פריער. דא האט ר׳ גדליה דעם אמהעם פרייער געצווינגין
ער האט גאט גידאנקט וואס זייא האבין אים ניט גיזעהען, ער
האט גיוואלט באלד פון דיא שטעלע אנטלויפין, אבער ער האט
זיך געשראקין פאר דיא פינסטערנים אונ דיא רוהיגקייט וואס איז
גיוועזן אונ פון גרוים שרעק איז ער באלד אנטשלאפין געווארין.

דאס מארגענס איז ער אויף גישטאנען גאנץ פריא דען עס
איז גיוועזן קאלטלאך אביסיל האט ער ניט גיקענט לאנג שלאפין,
ער האט זיך אויף געחאפט ווען עס איז אקארשט טאג געווארין
האט ער זיך דער מאנט אן דיא ערשיינונג פון ביא נאכט, ער
האט זיך אום גיקוקט אבער עס איז גאר ניט קענטיג גיוועזן דאס
עס זאל דא זיין וואו אהייל אונ איז גיוועזן זייער ערשראקין,
דען עס האט זיך אים פאר גישטעלט וויא וואלט גיוועזן אז זייא
וואלטין אים דער זעהען ליגענדיג אויפין בוים, האט ער דער
ביא נאך אמאל גאט גידאנקט אונ האט גיוואלט אויפין שטעל
לויפין צוריק, דען אז זייא וועלין ארויס גיין וועלין זייא אים גע-
זעהן זעהען דאן איז ער פערלארין, ער האט גינומען קריכין פון
בוים אונ איז שוין באלד אראפ גיקראכין אבער באלד האט זיך
גילאזט הערין אזינגערייא אין הייל, האט ער פון גרוים שרעק
ניט גיקאנט ווייטער גיין אונ האט זיך צוריק בעזאכט ארויף גע-
רוקט אויף דעם בוים ער האט זיך פאר לאזין אויף גאט דאס
ער וועט אים דעם מאל אויך אויס העלפין דאס ער וועט אים ניט
לאזין אריין פאלין אין דיא הענד פון דיא רויבער.

באלד האט זיך גיהערט דיא טריט פון דיא גאנצע באנדע

אין דעם אונטער ערדינגען טרעפ, אונ דיא טיר האט זיך געעפינט,
זייא זיינען אלע ארויס אונ האבין צו געשלאסין דיא טיר אונ דיא
שליסעל אוועק גילייגט אין בוים וויא געוועהנליך אונ זיינען אוועק
דורך דיא אנדערע וועגין אונ זייא האבין ר' גדליהן ניט דער זעהען,
נאך דעם איז ר' גדליה ארויס פון בוים, אונ האט גינומען לויפין
אהיים מיט אלע קרעפטין, אבער ער האט זיך פלוצלונג אפ גע-
שטעלט, אונ עס איז אים עפעס אריין אין גידאנקען, ער האט
זיך צוריק אום גיקערט אונ איז צו גיגאנגען צו דעם בוים האט
ער גלייך זייער שליסעל ערוואוסט ער האט גינומען איבער קלערין
צו זאל ער אריין אין הייל אדער ניט, גאט ווייס וואס דיא הארין
זאגט אונ האט זיך ענדליך בעשלאסין ניט צו גיין, אבער וואס
וועט ער טאן אין דער היים האט ער דען וואס זיינע קינדער
עסין געבין, ער האט אזו לאנג גיטראכט ביז ער האט זיך בע-
שלאסין אויף יא, דען וואס האט ער אן צו ווערין, זיין לעבין
איז אים זא וויא זא גאר ניט געוואנצעט, בעסער דא גיהארגיט
צו ווערין איידער צו זעהען וויא זיינע קינדער ווערין געבאך פון
הונגער אויס, ער האט אויף גישארט דיא ערד, אונ האט מיט
גרויס ציטערניש דיא שליסעל אריין גישטעקט אונ האט זיך גוט
ארום געקוקט צו קיינער איז ניט דא, אזו האט ער דיא שליסעל
אום געדרייט, אונ דיא טיר האט איין שפרונג גיטאן, אונ ר'
גדליה איז אריין האט ער דארט דער וואוסט אשטאנג וואס איז
גילעגין אויף דעם ערשטין טרעפ אן אזייט האט ער גינומען דעם
שטאנג אונ האט אונטער געלייגט אונטער דער טיר אום זיא זאל
ניט צו פאלין אין גאנצין ווייל ער וועט ניט קענען אליין אויף
הייבין דיא טיר וואס איז אזא משא ער האט זיך אלעם בעווארנט
אונ איז מיט גרויס פחד ארונטער אין הייל אריין. גייענדיג איז
ער אטויטער גיווארען עס איז גיוועהן גאנץ דונקיל טער ניט וויא
אקליינער לעמפעל האט גיברענט, אונ אמענש איז גיזעסין דער
ביי דיא קאפ אן גישפארט אן האנד אונ האט געדרעמילט. ר'
גדליה האט עס דער זעהען איז ער גיווארען שטארק ערשראקין

און האָט שטילערהייט געוואָלט צוריק גיין, אָבער ער האָט ניט געקאָנט אויף דעם ערשטען טרעפּיל אַרויף גיין, ווייל דער מענש האָט זיך אויף גיכאַפּט און האָט אַשרעקליכען זיפץ גיגעבין. ר׳ נדליה האָט נאָך זיין זיפץ דער קאָנט דאס ער איז ניט קיין רויבער נאָר איין אונגליקליכער, וואָס דיא רויבער האָבין אים גיפאַנגען אין וואַלד, ער האָט זיך מוטה גיפאַסט און איז צו אים צוגיגאַנגען מיט דיא ווערטער: ווער ביזט דו? דער מענש האָט זיך אַהאַפּ גיטאָן, און האָט אים גראד אין געזיכט איין גיקוקט און האָט אים גיפרעגט וויא קומט איר אַהער? אייער לעבין האָט אייך געוויס דער עסין, וויא וואַגט איר זיך אַריין צו קומען דאָ אין הייל וואָס געהער נור צו רויבער. אָבער דו ביזט ניט קיין רויבער, האָט אים ווידער גיפרעגט ר׳ נדליה. אוי! האָט ער גיענטפערט איך בין קיין רויבער איך בין איין מענש מיט אַלעמען גלייך נור מיין פינסטערער מזל האָט מיר דאָ אין וואַלד געשיקט איך זאָל אַריין פאַלען צו זייא אין דיא הענד. שווייגט האָט אים גיזאָגט ר׳ נדליה איר וועט זיין לויז, זיינען דאָ דאָ רויבער? ניין! האָט ער אים גיענטפערט זייא זיינען אַלע אַוועק; לאָמיר נעמען פּאַקין און גיין וואָס גיכער, האָט אַגעשרייא געטאָן ר׳ נדליה מיר וועלין באַלד לויז ווערין, מען האָט גינומען פּאַקען אין זעק וויפיל מען האָט גיקאָנט און דיא זיינען ניט טויט ניט לעבעדיג אַרויס פון הייל זייא האָבין דיא זעק אַוועק גילייגט, און האָבין דעם הייל פאַר שלאָסין און האָבין גינומען לויפין מיט אַלע קרעפטין וויא זייא האָבין גיקאָנט, אַז זייא זיינען שוין אָב גילאָפען אַפּאָר ווייאָרסט האָבין זייא זיך אָב גערוט און זיינען גיוואָרען אַביסעלע רוהיגער האָט ר׳ נדליה אים גיפרעגט ווער ער איז און פון וואַנען ער איז און מיט וואָס פאַר אַצופאַל ער איז צו זייא אין דיא הענד אַריין גיפאַלען. ער האָט אים ערציילט דאס ער איז פון דיא גרויסע שטאָט מאַקאַרין וואָס ליגט אין אָכט אינדיען. ר׳ נדליה האָט אים גיפרעגט אָן וועמען ער גיהערט אין יענער שטאָט. האָט ער אים אַלעס אויס דריקליך דער ציילט דאס זיין פאָטער איז

אַסוּתַר, עֶר הָאט אִים גֶעשִׁיקְט אִין קאשְׁטוֹרֶע נָאך כְּחוֹרָה, אָבֶּער ווייל עֶר הָאט פַאר זָאכְט דִיא פּוּהר אִין קְרֶעטְשְׁמֶע הָאט עֶר גֶעמוּזְט גֵיין צוּ פוּס אִין קאשטורע גֵייֶענְדִיג אִין וַואלְד הָאבִּין אִים דִיא רוֹיבֶּער אָן גִינוּמֶען אוּנ הָאבִּין אִים דָארְטִין אַרַיין גֶעלָאזִין. נַאכְהֶער הָאט עֶר בַּייא אִים גִיפְרֶעגְט עֶר זָאל אִים זָאגִין וָוער זַיין רֶעטֶער אִיז, הָאט אִים ר׳ גדליה גִיעֶנְטְפֶערְט מִיר וֶועלִין קוּמֶען אַהַיים אִין קאשטורע וֶועט אִיר שׁוֹין מְסַלֵא וֵוייסֶען וֶוער אִיך בִּין. אִין קאשטורע וַוייְנְט אִיר? הָאט גִיפְרֶעגְט מִיט פַאר ווא‏וּנְדֶערוּנְג דֶער יוּנְגֶער מַאן. יָא! הָאט עֶר אִים גֶעאַנְטְוָוארְטֶעט דָארְטֶן וואוֹין אִיךְ מִיט מַיין אָרֶעמֶע פַאמִילְיֶע אוּנ הָאט אִים דַאבַּייא דֶער צֵיילְט זַיין גַאנְצֶע לַאנְגֶע, וִויא עֶר הָאט זִיךְ בִּיז יֶעצְט גֶעקְוָואלִין, וִויא גָאט הָאט אִיהם צוּ גֶעשִׁיקְט דֶעם אוּנֶגֶערִיכְטֶען גְלִיק, נַאכְהֶער הָאבִּין זַייא זִיךְ אוֹיף גֶעהוֹיבִּין אוּנ זַיינֶען מִיט גְרוֹיס פְרַיידִין וַוייטֶער גִיגַאנְגֶען, אַרַיין קוּמֶענְדִיג אִין שְׁטָאט אִיז דִיא שִׂמְחָה גִיוָוארֶען אוֹיף זַייא נָאךְ גְרֶעסֶער דֶען דָא זַיינֶען זַייא שׁוֹין גִיוָוארֶען אָן זֶעפֶּאהר, זַייא הָאבִּין שׁוֹין פַאר קֵיינֶעם קֵיין מוֹרָא, צְוַוייטְנְס וַוייל עֶר וֶועט בַּאלְד מַאכִין זַיין גַאנְצֶע הוֹיז גֶעזִינְד גְלִיקְלִיךְ, דִיא צַייט וָואס עֶס הָאט גִידוֹיעֶרְט פוּן וַואלְד בִּיז זַיין הַיים, אִיז אִים גִיוֶוען אַזוֹ לַאנְג דָאס יֶעדֶער מִינוּט אִיז בַּייא אִיהם גִיוֶוען אַיָאר, אוּנ הָאט קוּים דֶער לֶעבְּט אִין שְׁטוּבּ אַרַיין צוּ פַאלִין, דִיא קִינְדֶער זַיינֶען אַרוּם גִיפַאלִין הוּנְגֶערִיג פֶערְשְׁמַאכְט פֶערְצָאגְט, דִיא וַוייבּ מִיט אַנְגֶעוַויין וואוּ בִּיסְט דוּ גִיוֶוען, וָואס הָאבְּטוּ אוּנְז אַוֶועק גֶע-וָוארְפִין מִיר הָאבִּין שׁוֹין גִיט גֶעוואוּסְט וָואס אִיבֶּער צוּ קְלֶערִין וואוּ דוּ בִּיזְט אַהִין גִיקוּמֶען. עֶר אִיז צוּ גִיפַאלֶען צוּ זַיינֶע קִינְדֶער הָאט זַייא מִיט שִׂמְחָה גֶעקוּשְׁט עֶר הָאט דֶער לַאנְגְט דִיא וַוייבּ אַרֶענְדִיל זִיא זָאל גֵיין אַיין קוֹיפִין צוּ עֶסִין, דִיא וַוייבּ פְרֶעגְט וָואס דָאס אִיז, זִיא הָאט דָאס אוֹיף אִיר לֶעבִּין נִיט גִיזֶעהֶען, דְרוּם הָאט עֶר אִיר גִיזָאגְט דָאס זִיא קֶען דַאפִיר אַיין קוֹיפִין אוֹיף אַגַאנְצֶע אַבְּטָאג צוּ עֶסִין, זִיא הָאט מִיט גְרוֹיס פַאר וואוּנְדֶערוּנְג גֶעקוּקְט זִיא הָאט גֶעמַיינְט דָאס זִיא אִיז אִין חָלוֹם, אָבֶּער עֶר הָאט אִיר

גיזאגט דיא קינדער זיינען הונגעריג גייא געשווינטער, וויא איז געלאפין אונ גיבראכט אלץ וואס זיא האט גיוואלט וואס דיא הארץ האט פערלאנגט, אונ מען האט איר נאך גיגעבין פאפירענע רובילס רעשטע מיט גרויס האסט איז זיא גיקומען צו לויפין אהיים דיא קינדער האבין זיך צו גיהאפט צום עסין, דער יונגער מאן וואס איז מיט אים גיקומען האט מיט זייא מיט גיגעסין, עס איז גיווארען ליכטיג דיא גאנצע שטיבעלע, דען יעדער איז גיזעסין מיט אפרייליך פנים. נאך דעם עסין האט דער יונגער מאן אים געקושט אונ האט געוויינט פון גרויס שמחה וואס ר׳ גדליה האט אים גירעטעט אונ האט גינומען מאכין אריינע אין דער שטאט סחורה איין צו קויפין. ר׳ גדליה האט אים אפ גיהאלטען ער זאל ווארטין ביז זייא וועלין זיך פאר נאנדער טהיילען אלץ, אבער ער האט גיזאגט דאס ער וועט אקאפייקע אויך ניט נעמען. ר׳ גדליה האט אים שטארק גיבעטין, אבער ער האט גישווארען דאס ער וועט ניט נעמען אונ האט אים ערקלערט דאס ער טאר ניט נעמען וויל ער האט אים פון טויט גירעטעט.

דיא רויבער האבין פון אייך גאר ניט צו גינומען? האט ר׳ גדליה בייא אים גיפרעגט. ניין! האט ער אים גיענטפערט, איך האב זייא גלייך גיוואלט מיינע צעהן טויזענד רובל אפ געבין, זייא זאלין מיר אב לאזין, אבער זייא האבין פון מיר ניט גינומען וויל זייא האבין גיזאגט דאס זייא וועלין מארגין אויך צייט האבין צו צוא נעמען, פון זייערע הענד וועט דאס שוין ניט פערלארין גיין. האט איר אייער געלד בייא זיך? האט ר׳ גדליה גיפרעגט. דער יונגער מאן האט ארויס גינומען צעהן טויזענד רובל סעריעס אונ האט איהם געציינט. ר׳ גדליה האט זיך געפרייט דאס ער האט אים אין גאנצין גערעטעוועט. דער יונגער מאן האט זיך מיט אים נאך אמאל צו קושט אונ איז אוועק גיפארען, ר׳ גדליה האט ארויס געשאטין געלד אונ זילבער אין שטוב, דיא ווייב מיט דיא קינדער האבין זיך זייער פערוואונדערט, ער האט זייא דער צוילט דיא גאנצע געשיכטע וואס עס האט פאסירט מיט אים אין וואלד,

מֶען הָאט גְלַייךְ אָפּ גֶעלֵיינְט אַגֶעוויסֶע סוּמֶע וָואס מֶען הָאט גְלַייךְ צְדָקָה צוּ טְהֵיילְט, דִיא קִינְדֶר הָאט מֶען גְלַייךְ בֶּעקְלֵיידֶעט אוֹיפִין שֶׁענְסְטִין אוֹפֶן אִין גָאלְד אוּנ אִין זִילְבֶּער, עֶר הָאט גִינוּמֶען סְטְרוֹיֶעךְ אַמוֹיֶער אַנְרוֹיסְפַּארְטִיגֶען, אוֹיף דִיא זֶעלְבִּיגֶע שְׁטֶעלֶע וואו זַייעֶר זֶעמְלִיאַנְקֶעלֶע אִיז גִיוֶועז, אוּנ מֶען הָאט שְׁפּוּטֶענְדִיג אוּנ פִיל אַרְבַּייטֶער אוֹיס גֶעבּוֹיט אַהוֹיז מִיט זַייעֶר שֵׁיינֶע בֶּעפּוּטְצוּנְגֶען, מֶען הָאט אַיין גֶעקוֹיפְט מֶעבִּיל פוּן דִיא שֶׁענְסְטֶע אוּנ דָאס בֶּעסְטֶע, מֶען הָאט אוֹיס גֶעפּוּטְצְט זַאלִין מִיט צִימֶערִין, וָואס שֶׁענֶער אִיז אִין דֶער גַאנְצֶער שְׁטָאט נִיט גִיוֶועז, אַלֶע שְׁטָאט לַייט הָאבִּין זִיךְ גֶעוואוּנְדֶערְט זַייעֶר אוֹיף דֶעם, אָבֶּער זַייא הָאבִּין אִים נִיט נִיפְרֶעגְט, דֶען זַייא הָאבִּין גֶעוואוּסְט דָאס עֶר אִיז אַיין עֶרְלִיכֶער מַאן, אוּנ עֶר הָאט עֶס גֶעוויס נִיט גֶעגַנְבָת אוּנ נִיט גֶעגַאזְעלְט, עֶר אִיז מִיט גְלִיק אַיין גֶעצוֹינִין אִין זַיינֶע נַייעֶ וָואהְנוּנְגֶען, דִיא פְרוֹיא מִיט דִיא קִינְדֶער זַיינֶען גִיוֶועז אָן גִיטָאן אִין גָאלְד, ר׳ גדליה אַלֵיין הָאט זִיךְ אוֹיךְ גִימַאכְט פַיינֶע זֵיידֶענֶע קְלֵיידֶער, אוּנ זַייא הָאבִּין אַלֶע גִישַׁיינְט וְויא דִיא שֵׁיינֶע לִיכְטִינֶע זָאהְנֶע אִין דִיא רֶעכְטֶע זָאמֶער טֶעג.

דֶער רַייכֶער בְּרוּדֶער הָאט פוּן דִיא גַאנְצֶע גֶעשִׁיכְטֶע נִיט גִיוואוּסְט אוֹיךְ דִיא קִינְדֶר הָאבִּין פוּן־קֵיין זַאךְ גִיוואוּסְט זַייא הָאבִּין גֶעמֵיינְט דָאס דֶעם פֶעטֶערְס הוֹיז גֶעזִינְד זַיינֶען שוֹין פוּן לַאנְג אוֹיס גֶעשְׁטָארְבִּין אוּנ הָאבִּין שוֹין נִיט אַיין מְרֶער דַארוֹיף פַאר נָאסְן, פְּלוּצְלוּנְג זַיינֶען זַייא קְרַאנְק גִיוָוארֶען מֶען הָאט גִיבְּרַאכְט דָאקְטוֹרִים אוּנ זַייא הָאבִּין עֶרְקְלֶערְט דֶעם דָאקְטֶער דָאס זַייא אִיז שְׁלֶעכְט נוייל זַייא זִיצֶען זַייעֶר פַאר פְרֶעסְט, דֶער דָאקְטָאר הָאט דֶערְקַאנְט דִיא ווירְקְלִיכְקֵייט אוּנ הָאט בַּייא דֶעם פָאטֶער לוֹיז גִימַאכְט פַאר זַייא דִיא פְרַייהַייט עֶר הָאט דֶעם פָאטֶער עֶרְקְלֶערְט אַז דָאס אִיז זַייעֶר פְרִיצִינֶע פוּן דִיא קְרַאנְהַייט, דֶער פָאטֶער הָאט זַייא עֶרְלוֹיבְּט אַלֶע מָאהל דִיא לוּפְט צוּ הַאבִּין וֶוען זַייא ווילֶען, דִיא עֶרְכְטֶע טְרִיט זַייעֶרֶע אִיז גִיוֶועזִין צוּ דֶעם פֶעטֶערְס הַייזֶעלֶע צוּא גֵיין אוּנ זֶעהֶען וָואס מַאכְט דֶער פֶעטֶער מִיט דִיא הוֹיז גֶעזִינְד זַייא זַיינֶען

געקומען אין דיא וועלדינגע נאס אונ האבען ארויס גינומען אנדבה
וואס זייא האבען מיט גינומען אונ האבען אין האנד אן געגרייט
גלייך צו דער לאנגין אבער זייא האבען לאנג דיא קליינע צובראכענע הייזעלע געזוכט אונ האבען איר ניט גיפונען זייא זיינען
ארום גיגאנגען איינינגע מאל דורך דער גאס אבער עס איז זייא
גיוועזן שווער צו געפינען. ענדליך האבען זייא ערוואוסט אונ ערקענט
אן דיא איבעריגע הייזער דאס אויף דיא שטעלע וואו דיא הייזעלע
איז גיוועזן שטייט יעצט דיא שיינע אזו גיך אויף געוואקסינע
געביידע, זייא האבען אקוק גיטאן איינע אויף דיא אנדערע אונ
האבען מיט גרויס קומער אנגעפאנגין צו וויינען, דען זייא האבען
געמיינט דאס דער פעטער מיט דיא געזינד זיינען שוין לאנג געשטארבין, זייא האבען זיך ביטערליך פארנאנדער געוויינט אונ
האבען שוין גיוואלט גיין צוריק, אבער מיט אמאל האט ארויס
געשטעקט ר׳ גדליה זיין קאפ פון פענסטער אונ האט אקוק גיטאן
אויף זייא אונ איז גלייך ארויס גילאפין אונ האט גיפרעגט וואס
זייא וויינען. זייא זיינען גיווארען דער שראקין אונ האבען זיך אן
גיהאפט איינע פאר דיא אנדערע באלד האט ר׳ גדליה זייא אן
גינומען פאר דיא הענד אונ האט זייא אריין געפירט צו זיך אין
שטוב, ער האט זייא גינומען פירען אין אויס גיפוצטע זאלין אונ
האט זייא אויס געוויזען זיין גאנצין פערמעגענס עס איז אונבעשרייבליך גיוועזן דיא פרייד ביי זייא, אונ האבען זיך פערוואונדערט וויא דער פעטער איז אזו פלוצלונג רייך גיווארען, נאכהער
האט מען זייא גיזעצט אויף פיינע שטולען אונ מען האט גינומען
טראגין טראקטאמענט דיא קינדער האבען זיך מיט זייא געפרייט
אונ עס וואר צוזאמען געמישט געוויין מיט פרייד זייא האבען זיך
ערינערט אן זייער פאריגע לאגע, אונ וויא דיא קינדער האבען
בעקומען שלעק פון פאטער איבער זייא וויל זייא האבען גיטראגען
זייערע הערצער עפעס צו דער קויקין, זייא האבען פערבראכט
אין שטוב אפאר שטונדען, דער פעטער האט זייא אלעס אויס
ערציילט דיא גאנצע בעגעבענהייט פון זיין פלוצליכען רייכטום

דיא הָאבּין זיך אַלֶע זייער גיפְרֵייט אוּנ עֶס איז גיוָוארֶען פֿייא וויא אַזֶעלְכֶע פְרֵיילִיכֶע גֶעזֵיכְטֶער פוּן זֵייעֶר עֶרְאִינֶערוּנְג, ווייא זייֶנֶען אַוֶועק צוּא הוֵיז אוּנ הָאבִּין דָאס אַלֶץ אִיבֶּער גִיגֶעבִּין צוּ זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערִין דִיא מוּטֶער הָאט זִיךְ שְׁטַארְק גִיפְרֵייט; אָבֶּער דֶער פָאטֶר אִיז גִיוָוארֶען מלא קנאה אוּנ מִיט רציחה עֶר וָואלְט גִיוֶוען אִין שְׁטַאנְדֶע צוּ נֵיין הַארְגִינֶען דֶעם בְּרוּדֶר אוּנ צוּ נֶעמֶען זֵיין אַיינְגִינְס דֶען זֵייא הָאבִּין אִים פָארְגִישְׁטֶעלְט דָאס נָאךְ אַנָא גְבִיר וִויא עֶר אִיז נִיט דָא אִין דֶעם גַאנְצִין קְרֵייז.

דִיא גַאנְצֶע נַאכְט הָאט זלמן נִיט גִישְׁלָאפֶען עֶר הָאט מִיט אוּנְגֶעדוּלְד גִיוַוארְט אוֹיף דֶעם טָאג עֶר זָאל קֶענֶען דֶערְוִויסֶען פוּן זַיין בְּרוּדֶער דִיא גַאנְצֶע הִיסְטָארְיֶע מִיט זַיין רֵייכְקַייט דֶען עֶר הָאט זִיךְ גִיטְרַאכְט פִילֵייכְט וֶועט עֶר אוֹיךְ קֶענֶען רַייכֶער וֶוערִין, דֶער טָאג אִיז עֶנְדְלִיךְ גִיקוּמֶען אוּנ עֶר הָאט זִיךְ אוֹיף גִיוַואכְט צוּ גֵיין שְׁפַּאצִירֶען אוּנ בַּאזֶעהֶען דִיא שֵׁיינֶע גֶעבֵּיידֶע וָואס דָארְטִין אִיז וואוּ זִייא קִינְדֶער הָאבִּין אִים פָאר גִישְׁטֶעלְט, עֶר אִיז אַוֶועק אִין דִיא זֶעלְבִּינֶע גַאס אוּנ אִיז הֶעכְסְט גִשְׁתּוֹמֵם גִיוָוארֶען אוֹיף דִיא גַאנְצֶע פְּלַאץ וואוּ זַיין בְּרוּדֶערְס הוֵיז אִיז גִישְׁטַאנֶען. עֶר הָאט בַּאזֶעהֶען דֶעם גַאנְצִין אָרְדֶענוּנְג פוּן זַיין בַּאפּוּצְטֶע הוֵיז דָאס עֶס אִיז צוֵויבֶּערִישׁ גִיוֶוען, עֶר הָאט גִיזֶעהֶען דֶעם בְּרוּדֶער זִיצֶענְדִיג אִין פֶענְסְטֶער אוּנ הָאט זִיךְ דֶער בֵּייא אַנִידֶער גִישְׁטֶעלְט עֶר הָאט גִיוָואלְט דָאס דֶער בְּרוּדֶער זָאל אִים רוּפֶען, אָבֶער עֶר הָאט נִיט בַּאמֶערְקְט אָדֶער עֶר הָאט יָא בַּאמֶערְקְט אוּנ הָאט זִיךְ אוּנְוִויסֶענְד גִימַאכְט, עֶר הָאט זִיךְ גִינוּמֶען דֶער מָאנֶען אַז דֶער בְּרוּדֶער אִיז גִירֶעכְט וָואס עֶר וֵויל אִים נִיט קָאנֶען, וֶוען עֶר וָואלְט אִים עֶפֶּעס גִיהָאלְפִין מֶעכְט עֶר דָאךְ אִים יֶעצְט צֶעהְן מָאל אַזוֹ פִיל אַוֶועק גֶעבִּין, עֶר וָואלְט יֶעצְט גִיהַאט אַצֶעהְנְטֶע טְהַייל וִויא פִיל דִיא קִינְדֶער הָאבִּין אִים פָאר גִישְׁטֶעלְט וָואלְט עֶר דָאךְ שׁוֹין אוֹיךְ גִיוֶוען צְוַוייא מָאל אַזוֹ רֵייךְ וִויא עֶר אִיז יֶעצְט, עֶס הָאט אִים אָבֶּער דָאךְ פַאר דְרָאסִין וָואס דֶער בְּרוּדֶער וָואס עֶר אִיז גִיוֶוען אַלֶע מָאל אֵיין אָבְיוֹן אוּנ יֶעצְט אִיז עֶר מִיט אַמָאל אַזוֹ רֵייךְ גִיוָוארֶען

וָואס זַיין רייכְקייט הָאבֶּען נִיט דִיא גְרֶעסְטֶע גְבִירִים פוּן דֶער וֶועלְט
עֶר הָאט זִיךְ נִיט וְוִיסֶענְדִיג גִימַאכְט אוּנ אִיז אַרוֹיף צוּ אִים,
ר׳ גדליה הָאט אִים אוֹיפְן נָאס נִיט בַּאמֶערְקְט, וֶוען עֶר וָואלְט
אִים בַּאמֶערְקְט וָואלְט עֶר אִים גְלַייךְ אַרוֹיף גֶערוּפְן אוּנ וָואלְט
אִים מוֹחֵל גִיוֶועז וָואס עֶר אִיז צוּ אִים אַלֶע מָאל אַזוֹ שְׁלֶעכְט
גִיוֶועז וָואס עֶר הָאט אִים מִיט אַשְׁטִיקֶעל טְרוּקֶענֶעם בְּרוֹיט אוֹיךְ
נִיט אוּנְטֶער גֶעהָאלְפִין אוּנ וָואס עֶר הָאט נָאךְ זַיינֶע קִינְדֶר גִישְׁלָאגִין
אִיבֶּער זַייעֶר בַּקָשׁוֹת דָאס קֶען אוּנְז אִיבֶּער צֵייגִין זַיין יֶעצְטִיגֶען
פְרַיינְדְלִיכֶען אוֹיף נֶעמֶען זַיין שְׁלֶעכְטִין בְּרוּדֶער, גְלַייךְ וויא עֶר
אִיז צוּ אִים גִיקוּמֶען הָאט עֶר אִים גֶעבִּין הַאנְד אָן גִינוּמֶען אוּנ
הָאט אִים בְּכָבוֹד גִיבֶּעטִין זִיצִין מֶען הָאט אִים גְלַייךְ דֶער לַאנְגֶעס
אַסַאכְאוואַר מִיט נָאךְ פֶערְשִׁידֶענֶע טְרַאקְטַאמֶענְטִין אוּנ הָאט מִיט
אִים פְרַיינְדְלִיךְ גִירֶעט דָאס דֶער גְבִיר אַלֵיין הָאט גִיקָאנְט אוּנְטֶער
שֵׁיידִין זַייעֶרֶע חַארַאקְטֶערִין מִיט וִויא פִּיל דֶער אוֹיף גֶעקוּמִינֶער
בּייכֶער בְּרוּדֶר אִיז וִוירְדִיגֶער פַאר אִים עֶר הָאט אִים אָבּ גִינֶעבִּין
גְרוֹיס כָּבוֹד אָבֶּער דָאךְ הָאט אִים אוֹיף גִיקָאכְט קנאה עֶס אִיז אִים
פָארְגִיקוּמֶען אַז דָאס דַארְף אַלְץ גִיהֶערִין צוּ אִים, אוּנ מִיט וָואסֶער
מִיטֶעל מֶען קֶען פוּן אִים צוּ נֶעמֶען אוּנ אִים מַאכִין צוּרִיק פַאר
אַיין אָרֶעמַאן, דַאן וָואלְט עֶר אִים אֶפְשַׁר גִיהָאלְפִין מִיט אַשְׁטִיקֶעל
בְּרוֹיט, עֶר אִיז מִיט אִים גִיזֶעסִין אַצַייט אוּנ גֶעשְׁפְּרָאכִין בִּיז עֶר
הָאט פוּן אִים אַלֶעס אוֹיס גֶעפָארְשְׁט אַלֶע סִמָנִים אִין וַואלְד מִיט
דֶעם הַייל אוּנ מִיט אַלְץ, עֶר הָאט זִיךְ בֶּעשְׁלָאסִין דָארְטִין דִיא
רַייזֶע צוּ מַאכִין, עֶר וָואלְט מִיט ר׳ גדליהן נָאךְ לַיינְגֶער גִיזֶעסִין
נָאר ר׳ גדליה הָאט גִינוּמֶען טלית אוּנ תפלין אוּנ הָאט זִיךְ מִיט
אִים גִיזֶעגִינְט אוּנ אִיז אַוֶועק אִין שוּל. דֶער בְּרוּדֶער הָאט גִינוּמֶען
זַיין צוּ הוֹיז זִיךְ צוּ גְרֵייטִין דֶעם נַייעֶן רַייכְטְהוּם צוּ עֶרְוֶוערְבִּין
צוּ הוֹיז הָאט עֶר אַיין גֶעשְׁפַּאנְט אַגוּטֶען פֶערְדֶעל אוּנ אִיז אַוֶועק
אִין וַואלְד אוּנ הָאט מַאקֶע בַּאלְד גִיפוּנֶען דֶעם אָרְט וָואס מֶע,
הָאט אִים בֶּעצַייכִינְט עֶר הָאט אַרוֹיס גִינוּמֶען דִיא שְׁלִיסֶעל אוּנ
הָאט אוֹיף גֶעשְׁלָאסִין אוּנ אִיז אַרַיין, עֶר הָאט גִיפוּנֶען זִיפְּקֶענְדִיג

דעם לעמפיל האט ער אים העלער גימאכט אונ האט גינומען מיט האסט ראסען ער האט אין נעפאקט אגרויסין איינגנס אונ האט גענאמען זיין ארויף אויפין טרעפ שלעפענדיג אזאק מיט שווערע גאלד, אבער ער קען ניט ארויס ער האט פאר געסין דעם שטאנג אונטער צו שפארין איז דיא מיר איין געפאלין, צעהן שטארקע מענשין קענען אויך ניט עפינען ער האט זיך גינומען בערעכינען וויא ער איז דא אריין געפאלין וויא ער איז יעצט אומגליקליך ער האט ניט געוואוסט פון דעם שטאנג, ער איז ארויס מיט אשרעקליכען געוויין אונ האט זיך גינומען שלאגין קאפ אן וואנד אונ איז גילעגין וויא אויסין זינען ער האט ניט געוואוסט וואס צו טאן, אבער ער האט שוין אלע האפנונגען פערלארין אונ האט שוין ציים גיהאט זיך מתודה צו זיין אויף וואס פאר איין ארט ער האט זיין לעבין פאר בראכט אונ האט גינומען ווידוי זאגין מיט געוויין, אונ האט נאך גיבעטין ער זאל זיין ווידוי צו נעמען ער האט אזוי פיל געוויינט דאס דער גאנצער הייל איז פון זיינע טרערין נאס גיווארען אבער עס האט גאנץ ווייניג געהאלפין, אונ זיין יעצטיגער קוועלין האט אים אוים גילערינט בעטין אויפין טויט, דער טאג איז אים צום גליק אזוי קליין גיוועזען דא ניט לאנג האט ער גיוואוסט פון טאג אונ שוין האט ער דער הערט שפילען אין וואלד נייא זיינען צו גיגאנגען צום מיר מיט שטורעם האבין זייא דער זעהען וויא דיא שליסעל שטעקין אין מיהר אונ אוועגיל מיט אפערד איז דער בייא גישטאנען.

יא! האבין זייא אוים געשריען מיר האבין אונזער דיב, אונ זיינען מיט גרויס האסט אלע אין הייל אריין, אשרעקליכע סצענע איז גיוועזען וויא זייא האבין אים דער זעהען, זייא האבין אים אקלאפ גיטאן אין פלייצע מיט דיא ווערטער מיר האבין דיר דאך געפאקט דו ביזט שוין אונזערער, נור זלמן האט זייערע ווערטער ניט גיהערט ווייל ער איז שוין גיוועזען אנישטארבינער זייא האבין אריין געטראגין זייערע נייע רויבערייא אונ האבין אראב גענעמט דייא איידעלע דאטע מען האט ניט געקוקט אויף זייער

זיך פֿעטען אונ מען האט זיי געשלאכטעט איינע נאך דיא אנדערע אונ האבין פון זייא אראב גענומען פילע קאסטבארע שמוק, מען האט גאר ניט געקוקט אויף זייערע טרערין מיט דיא געשרייען עס איז גיוועזן שרעקליך צו זעהען וויא זייער אונשולדיגע בלוט האט זיך גיגאסין אויף דער ערד, צום סוף איז מען צו איהם צו גיגאנגען אונ האבין איהם געזאגט ווארט מיר וועלין זיך באלד מיט דיר אויך אפרעכינען, אונ זייא האבין זיך גיזעצט עסין מיט גרויס אפעטיט אונ האבין געשפילט אונ געטאנצט אונ פערבראכט איינינע שטונדין אין פריידין ביז עס איז טאג געווארין, דאן האבין זייא זיך גינומען צו איהם האבין איהם אויס גיטאן אונ צו שניטען אלע אדערין, זייא זיינען באשפריצט גיווארען מיט זיין בלוט אונ זייא האבין איהם ארויין געווארפין צווישען דיא הרוגים וואס עס איז גיוועזן אין דיא צימערין, זייא זיינען גיוועזן מלא שמחה וואס זייא זיינען פון זייער גנב פטור געווארין אונ ווידער האבין זייא נאך אקליינע מצוה גיטאן זייא האבין דאך געטייט איין מאל אין לעבין אגנב, זייא האבין זיך אטפראוועט מיט גרויס פאראד אונ זיינען אוועק בשלום, אין הייל איז געווארין צוריק פינסטער וויא גיוועזן מער ניט וואס דער קליינער לעמפעלע האט זיין שיין גיגעבין·

צו הויז האט מען דער פון ניט געוואוסט, דען ער האט קיינעם גיזאגט וואו ער גייט, אבער אז זייא האבין אויף איהם געווארט איינינע טעג· אונ ער איז ניט דא זיינען זייא שטארק אונרוהיג געווארין זייא זיינען גלייך אוועק געלאפין צום פעטער פרעגין וואס קען דא זיין וואס ער איז פאר פאלין געווארין, אבער ער האט גלייך פערשטאנען וואס דאס איז, דארום האט ער זייא אין אנפאנג אפילו בערוהיגט אבער ענדליך האט ער זייא גיזאגט דאס זייא זאלין שוין אויף איהם ניט ווארטין ווייל ער וועט שוין ניט קומען דא איז געווארין אשרעקליכער יאמער מיט אגעוויין אונ זייא האבין אלע גינומען ברעכין דיא הענד מיט אגרויסין געשרייא אונ האבין גיוואלט תאטש דעם טויטען קערפער

זֶעהֶען עֶס אִיז זַייא גֶעוָוארִין בִּיטֶער הָערֶענְדִיג דָאס עֶר אִיז אַרַיין גֶעפַאלֶען בַּייא דִיא מָערְדָער אוּנ וִויא בְּרַיינְגְט מֶען אִים צוּ קֶבֶר יִשְׂרָאֵל, וִויא פִירְט מֶען אִים אַהָער עֶס אִיז גֶעוָוארִין אַשְׁרֶעקְלִיכֶער יָאמֶער אוּנ זַייא זַיינֶען אַלֶע אִין חַלָשׁוּת גֶעבְּלִיבֶּען אוֹיךְ ר׳ גדליה הָאט נִיט בֶּעסֶער פוּן זַייא גִילֶעבְּט עֶר אִיז גִיזֶעסִין פַאר בְּרֶעכֶענְדִיג דִיא הֶענְד אוּנ הָאט פוּרְכְטְבָּאר גֶעווַיינְט עֶס אִיז גִיוֶועֶן אִין שְׁטוּב טְרוֹיעֶר אִיבֶּער טְרוֹיעֶר, עֶנְדְלִיךְ הָאט עֶר זַייא גִיזָאגְט דָאס עֶר מוּז זַיין לֶעבִּין שְׁטֶעלִין אִין סַכָּנָה אוּנ בְּרַיינְגֶען חָאטְשׁ דֶעם טוֹיטִין קֶערְפֶּער זַייא הָאבִּין אָנְגֶעפַאנְגִין צוּ שְׁרַייעֶן עֶר זָאל נִיט גַיין עֶר זָאל קָענֶען בְּלַייבִּין אַפָּאטֶער פַאר אַלֶעמֶען אָבֶּער עֶר הָאט מִיט אַיין קוֹל גֶעשְׁרִיעֶן דָאס עֶר אִיז אַבְּרוּדֶער אוּנ מוּז אִים צוּ קבר ישׂראל בְּרַיינְגֶען, עֶס אִיז אַוֶועק גֶעלָאפִין אַצַייט פוּן אַפָּאר שְׁטוּנְדִין נָאךְ דֶעם גֶעווַיין הָאט עֶר גִילָאזְט אַיין שְׁפַּאנֶען אַפָּאר גוּטֶע פֶערְד אוּנ אִיז אַוֶועק, דָא הָאט עֶר קֵיין צֶערֶעמָאנִיעֶן נִיט גֶעמַאכְט אוּנ אִיז גְלַייךְ אִין הַייל אַרַיין וִויא יֶענֶעם מָאל, דָארְטִין הָאט עֶר גִינוּמֶען זִיבִּין צְווִישֶׁען דִיא הֲרוּגִים זַיין בְּרוּדֶער אוּנ הָאט אִים אוֹיךְ גִיפוּנֶען דֶען עֶר אִיז גִילֶעגִין אַוֶועק שְׁלַיידֶערִינְדִיג עֶר הָאט אִים עֶרְקֶענְט אוּנ הָאט אִים מְחִילָה גִיבֶּעטִין אוּנ הָאט אִים אַרוֹיס גֶעטְרָאגִין אוֹיפִין פוּר דֶער בַּייא הָאט עֶר מִיט גִינוּמֶען עֶטְלִיכֶע זֶעקְלַאךְ וָואס זַיינֶען גִילֶעגִין לֶעבִּין טִיר אוּנ אִיז אַרוֹיס, עֶר הָאט צוּ גֶעשְׁלָאסִין צוּרִיק דִיא טִיר אוּנ אִיז אַוֶועק גִיפָארֶען.

עֶר אִיז אַהֵיים גִיקוּמֶען אוּנ הָאט זִיךְ אֶרֶענְטְלִיךְ מִיט דֶעם טוֹיטִין בְּרוּדֶער בֶּעגַאנְגִין, עֶר אִיז צוּ גֶעפַאלִין מִיט דִיא גַאנְצֶע פַאמִילְיֶע צוּם נְבָאֵי שְׁטִילֶערְהַיים מֶען זָאל אִים מְקַבֵּר זַיין אוּנ עֶר הָאט גִיזָאגְט דָאס מֶען הָאט אִיהם גִיפוּנֶען אִין וַואלְד אַטוֹיטִין, אוּנ מֶען הָאט אִיהם אָפּ גִיטָאן זַיינֶע רֶעכְטִין אוּנ מְקַבֵּר גִיוֶוען, דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם וָואס אִיז נָאךְ גִיגַאנְגֶען נָאךְ דֶער לְוָיָה הָאבִּין זִיךְ קֵיין צַער נִיט אָן גִיטָאן, מֶער נִיט וִויא דֶער בְּרוּדֶער מִיט זַיין פַאמִילְיֶע אוּנ זלמנס קִינְדֶער הָאבִּין זִיךְ גֶעשְׁלָאגִין דִיא קֶעפּ, אוּנ הָאבִּין זִיךְ גֶעריִסֶען דִיא הָאר מִיט גְרוֹיסֶע גֶעשְׁרַייעֶן, אָבֶּער דֶער

עולם האט אים גאנץ וועניג בעדויערט, אין אנדערע ווינקלען האט מען גיהערט זאגענדיג שוין לאנג צייט גיוועזן, אונ מען האט אים מקבר גיוועזן, נאך דער קבורה איז גיקומען ר׳ גדליה אונ האט זייא געטרייסט, אונ וויינענדיג געקושט דיא קינדער, אונ האט זיך אן גינעמן פאר אפאטער פון דיא קינדער, אונ איין ברודער פאר דיא אלמנה, עס איז גיוועזן טרויעריג צו זעהען וויא דיא קינדער זיינען צו אים צו געפאלין אונ האבין אים דיא הענד געקושט ער האט זייא געטרייסט אונ זייא גערעטין זיך איבער צו טראגין בייא אים מיט דיא פערשפרעכונג דאס זייא וועלין גליקליך זיין בייא אים אין הויז, זייא האבין אים געפאלגט, אונ זייא זיינען אלע אריבער צו ר׳ גדליהן, אונ מען האט אריבער געפירט אלע זאכען אונ זייא האבין זייער שבעה טעג פאר בראכט אין טרויער אבער מיט האפענונג דאס ר׳ גדליה וועט זייא ניט פאר לאזין, אונ האבין זיך גילעבט פון דאמאלס אן גאנץ גליקליך, דיא יתומים האבין זיך בייא אים ערצויגין מיט דיא קינדער צו זאמען, דיא שוועגערין האט ניט גילעבט ערגער, זיא איז גיוועזן גאנץ צו פרידען, אונ האט גאט גידאנקט וואס ער האט זייא אין גאנצין ניט פאר לאזין.

דיא קינדער זיינען גיוועזן גאנץ גליקליך, זייא האבין זיך דער צויגין זייער ערענטליך, דער פעטער האט זייא גילערינט פיל בעסער פון זייער פאטער, אונ זייא האבין אליין פערשטאנען דאס מען דארף אים מעהר אכטין וויא דעם פאטער, דען ער איז פיל מעהר ווירדינגער גיוועזן, אויך מיט זיין פאר מעגינס האט זיך געוואוקסט דער ר׳ גדליה אז ער איז בייא גאט ניט מער יחסן וויא דער ארעמאן, דרום איז ער גיוועזן כל ימיו איין עניו, ער האט גימאכט זיין הויז פרייא פאר יעדער ארעמען מענשין מען האט גימאכט פאר ארעמע מענשין איין עס שטוב, מען פלעגט זיך צו זאמען קלייבין פון פופציג ביז זעכציג ארעמע לייט טעגליך, אונ האבין בייא אים גיגעסין אונ געטרונקין אונ זיינען אויך ניט זעלטן גיוועזן אין אבגעד אונ אין אנדערע, עס איז גיוועזן אפריילעבע

הויז פאר יעדען עלינדין מענשין, וועד עס האט איהר נאר דער וואוסט אונ ווער עס איז גיוועזען נויט באדערפטיג דער האט זיך ביא דעם גביר ר' נדליה דורך געהאלפין אונ האט דארטין גיפונען זיין רוה מיט זיין הילף אונ דאפיר האט אים טאקע השי"ת געהאלפין אונ זיינע גישעפטין האבין געשטיגען פון טאג צו טאג, אונ זיין נאמען האט מען געוואוסט אין דער גרויסער וועלט, ער האט זיך איין געארדענט דרייא קאנטארין מיט פיל בוכהאלטערעס מיט פרי-קאשציקעס, אויך דיא שטאט לייט האבין פון אים טובות גיהאט ער איז געוואהרין אגבאי אין גרויסען בית המדרש, אונ גאנץ קהל זיינען פון אים צו פרידען גיוועזען, דען ער האט געוואלט האבין מער ראסהאד וויא דאחאד, אונ וואס עס האט גיפעלט האט ער קוויט גימאכט ער איז געוואורין בערימט אין דער גאנצער שטאט, אונ יעדער האט אים געלויבט אונ געליבט.

דיא גזלנים האבין זיך דאן אום גיקערט צוריק אין זייער הייל אונ זיינען מיט גרוים פריידען אראפ, אבער וויא ערשראקין זיינען זייא געוואהרין זעהענדיג דאס עס פעלט זייא דיא נעכטיגע געבראכטע פיר זעק, זייא האבין גאר גיט געוואוסט וואס איבער צו קלערין פון דיא נייע גנבה, דעם דיב דוכט זיך האבין זייא שוין געטייט, ווער האט דא געקאנט נעמען דיא פיר זעק, זייא האבין גינומען פעסט קלערין אונ זיינען איין ציטער צווישען דיא הרוגים אום צו דער ניין אסלאד, אבער זייא האבין גאר גיט געקאנט וויסען, ווייל עס איז זייא גאר ניט פארגעקומען, ענדליך האבין זייא דער זעהען דאס דער דיב איז ניט דא, אונ זיינען העכסט פאר וואונדערט געוואהרין דארויף, זייא האבין פערשטאנען אז דאס מוז זיין איין ברודער, אונ זייא האבין גינומען שטארקע מעססינגקייטען דעם גנב צו פאנגען, דער ערשטער באפעהל איז גיוועזען דיא שליסעל מער ניט צו לאזין אונ אפ ווארטין אין וואלד שפירען פילייכט קומט מען, דאס איז גיטאן געווארין אבער זייער מיה איז גיוועזען אומזיסט, אונ האבין באקומען אנדערע מיטלען דעם גנב צו געפינען, דער רויבער הויפטמאן וואס וואר דער

קְלִינְקְסְטֶער צְווִישֶׁען זַייא אַלֶעמֶען, הָאם זַייא אָיבֶּער גֶעגֶעבֶּען דִיא גֶישֶׁעפְטֶען, אוּנ עֶר הָאט זִיךְ אָן גִיטָאן וְויא אַבַּארָאן זַייעֶר בַּייךְ אִין נָאלְד אוּנ אִין זִילְבֶּער מִיט טַייעֶרֶע קְלֵיידֶער, אוּנ הָאט אַיין גֶעשְׁפַּאנְט אַטַייעֶרֶע קַארֶעט מִיט פֶּערְד, אוּנ עֶר אִיז אַוֶועק גֶע־פָארִין אִין דֶער וַויִיטֶער וֶועלְט זוּכֶען דֶעם גַנָב.

בַּייא ר' גדליה אִין הוֹיז אִיז גִיוֶוען שׂמחה וששׂון, מֶען הָאט גִילֶעבְּט זַייעֶר גְרוֹיס אַרְטִיג, פְרַייטִיג פַאר נַאכְט פְלֶעגְט עֶר אִין שׁוּל מְקַבֵּל שַׁבָּת זַיין, אוּנ נָאךְ דֶעם דַאוֶונֶען פְלֶעגִין זִיךְ אַרוּם אִים צוּזַאמֶען קְלַייבִּין פִיל מֶענְשִׁין פוּן דִיא אָרֶעמֶע לַייט, עֶס אִיז גִיוֶוען הַיימְלִיךְ אִין שְׁטוּב בַּייא אִים פוּן פִיל אוֹרְחִים וָואס פְלֶעגִין אַריין פָארִין צוּ אִים, אוּנ מֶען פְלֶעגְט פֶערְבְּרַיינְגֶען דֶעם הֵיילִיגֶען שַׁבָּת מִיט גְרוֹיס כָּבוֹד, אוּנ הָאבִּין גִילֶעבְּט זַייעֶר פַיין, עֶר הָאט אִיבֶּער הוֹיפְּט זַייעֶר פִיל כָּבוֹד גִיהַאט פוּן דֶער שְׁטָאט פָאלִיצַייא אִיבֶּער זַיין אָרְדְנוּנְג וָואס עֶר הָאט אִין שְׁטָאט גֶעפִירְט, אוּנ יֶעדֶער פְלֶעגְט זִיךְ צוּ אִים קֶערִין מִיט אַיין עֵצָה, עֶר פְלֶעגְט זִיךְ גֶעגְין אַלֶעמֶען בְּרִידֶערְלִיךְ בֶּעהַאנְדְלֶען, אַיין כְּלַל גָאט אוּנ דִיא וֶועלְט זַיינֶען פוּן אִים צוּ פְרִידֶען גִיוֶוען, אִיבֶּער זַיין עֶרְלִיכְקֵייט.

אַיין מָאל זִיצְט עֶר אַזוֹ בַּיין פֶענְסְטֶער אוּנ טְרִינְקְט טֵייא, עֶר גִיט אַבְּלִיק זֶעהְט עֶר דָאס לֶעבִּין זַיין פֶענְכְטֶער אִיז אָן גֶעפָארִין אַקַארֶעט מִיט צְוַוייא פָאר פֶערְד אִין דֶער לַיינְג גֶעשְׁפַּאנְט אוּנ לָאזְט זִיךְ מֶעלְדֶען צוּם גְבִיר, ר' גדליה אִיז אִים אַרוּיס אַנְטְקֶעגִין דֶער פָארִין הָאט אִים פְרַיינְדְלִיךְ דִיא הַאנְד גֶעדְרִיקְט, ר' גדליה הָאט אִים גִיבֶּעטִין צוּ זִיךְ, אָבֶּער עֶר הָאט זִיךְ עֶנְטְזַאגְט, אוּנ הָאט אִים גִיזָאגְט דָאס עֶר מוּז נָאךְ הַיינְט צוּרִיק אִין זַיין אִימֶענִיע זַיין, דֶען עֶר הָאט פִיל אַרְבַּייט צוּ טָאן, נָאר אִיךְ וֶועל דִיר אִין קוּרְצֶען זָאגֶען, דוּ זָאלְסְט וִויסֶען דָאס אִין דֶער גְרוֹיסֶער שְׁטָאט זוּרָא וָואס דָארְטִין אִיז דָא אִיבֶּער פִינְף טוֹיזֶענְד מַאן פוּן דַיינֶע בְּרִידֶער זַיינֶען אַלֶע אִין דְרַייא טֶעג אַרוּם פֶערְלָארֶען, אוֹיבּ דוּ וֶועסְט זַייא נִיט הֶעלְפִין.

וְויא ר' גדליה הָאט דָאס דֶער הֶערְט אִיז עֶר גֶעוָוארִין נַייעֶר

דער שראקען אנ האט נים געוואוסט וואס צו טאן, ער איז אים צו געפאלין מיט גרויס אימפעט אונ ער האט אים געבעטין עס זאל קיין אבהאלטונג נים זיין, ער מוז אריין גיין צו אים אין שטוב, אונ מיט געדולד אים אלעס ערצייליון, דער שררה האט ניט געוואלט אריין גיין אבער ר׳ גדליה האט אים שטארק גיבעטין דאס ער האט אים נים געקאנט ענטזאגין אונ איז אויפין שטעל אראב געהויבין געווארין פון קארעט, אונ מען האט אים אריין געפירט מיט גרויס פאראד אין זאל אונ מען האט איהם פאר גישטעלט דיא גרעסטע טראקטאמענטין, מען האט איהם אן געטאן פיל כבוד, ר׳ גדליה האט אים גיבעטין ער זאל אים דער ציילין דייטליך וואס דא איז דיא געשיכטע, דער שררה האט אים דער ציילט דאס ער איז דער פירכט פון דער גרויסער שטאט זורא אונ אלע יודין וואוינען אונטער זיין מאכט אונ האבין אים שוין פינף יאהר קיין ארענדע נים געצאלט, יעצט איז גיקומען דיא צייט דאס איך מוז דיא ארענדע געלד באקומען דארום מוז איך צו נעמען זייערע ווייבער מיט דיא קינדער אין משכנות, אונ זייא וואס געשווינקטין ארוים יאגען פון זורא דען דאס איז דער בעפעהל וואס עס איז שוין אה״ים, אונ לויט וויא איך האב גיהערט דאס דו בעהאנדילסט זיך מיט אלעמען ברידערליך מיט יודין אונ מיט קריסטען, דארום בין איך געקומען צו דיר דאס זאגין, ווייל איך האב זייער רהמנות אויף דיינע ברידער, דעריבער וועל איך מיר לאזין האנדלען בילינגער ווייל איך דארף עס זייער נייטיג האבין׃

ר׳ גדליה האט אים זייער געדאנקט וואס ער איז אים ניקומען זאגין, דען ער האט עס אן גענומען פאר א גרויסער פריינדליכקייט וואס דער שררה האט בעוויזען, דארום זאגט ער מוז איך אייך בעצאהלען וויא פיל אייך קומט, אונ איך פערלאנג ניט וואס איר ווילט לאזין בילינגער, נאר איין זאך וועל איך אייך בעטין אז איר זאלט מיר ניט ענטזאגען, דען איר זעהט דאך דאס איך האב מיר גליקליך גישעטצט מיט אייערן אריין קומען צו מיר,

אַלְזאָ בָּעט איך אַייך איר זאָלט פֿייא מיר בְּלַייבֶּען דיא נַאכְט, איך וועל אַייך מָארגֶען מיט גְרויס פֶּערגֶעניגֶען בֶּעגְלַייטֶען בִּיז צוּ אַייעֶר אִימֶענְיֶע.

דֶער שַׂר הָאט זיך גֶעלָאזְט אֲפִילוּ בֶּעטֶען אָבֶּער עֶר אִיז פֶארְבְּלִיבֶּען בַּייא אִים, מֶען הָאט אִים טְרַאקְטִירְט מיט דיא גְרֶעסְטֶע טְראַקְטַאמֶענְטֶען, אוּנ מֶען הָאט זיך גֶעפִּירְט זֵייעֶר פְרַיינְדְלִיךְ מֶען הָאט פַאר לֶעבְּט דָעם טָאג אִין גְרויס כָּבוֹד, ר׳ גדליה הָאט אִים אוֹים גֶעוויזֶען זַיין הויז זַיינֶע קָאנְטָארֶען אִין שְׁטוּב אַלְץ, דָאס דֶער שַׂר אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ פֶּערְוואוּנְדֶערְט גֶעוָוארִין אוֹיף דיא פִיל קָאסְטְבַּארְקַייט, עֶס אִיז אִים גִיוֶועֶן אִין הַארְצִין וואוּנְדֶערְן, דֶען עֶר הָאט זיך בֶּעטְרַאכְט דָאס עֶר הָאט אַלַיין נִיט גֶעוואוּסְט וָואס עֶר הָאט נִיהַאט, אוּנ אִיז מִיט גְרויס פֶּערגֶענִיגֶען פֶערבְּרַאכְט בַּיי אִים דָעם טָאג נָאךְ מֶער פַארְגֶעניגֶען הָאט עֶר גִיהַאט אַז עֶר הָאט זיך דֶער מָאנְט אָט בַּאלְד וָועל איך זיך מיט דִיר אָפּ רֶעכֶענֶען דוּ דִיבּ!

נוּר דיא פְּלִימֶענִיצֶע זַיינֶע הָאט עֶטְוָואס בֶּעמֶערְקְט אָן דָעם פְרִישֶׁען אֹרח, פוּן דֶעם עֶרְשְׁטִין אוֹיגֶענְבְּלִיק וִויא זִיא הָאט אִים נוּר דֶער זֶעהֶען הָאט אִיר דֶער לַאנְגְט אַשְׁטָאךְ אִין הַארְצִין עֶס הָאט אִיהר דֶער לַאנְגְט אַבְּרֶען, וִויא מֶען וָואלְט אִיהר אַקוֹיל אָין הַארְצֶען אַרַיין גֶעשָׁאסְן זִיא הָאט אִים מיט אִיהרֶע קְלוּגֶע אוֹיגֶען נָאךְ גֶעקוּקְט אִין יֶעדֶער ווינְקֶעל, זִיא אִיז אִיהם נָאךְ גִיגַאנְגֶען יֶעדֶער טְרִיט אוּנ יֶעדֶער מִינֶע זַיינֶע אִיז אִיר אוֹיס גִיקוּמֶען אַלְץ פֶערְדֶעכְטְלִיכֶער. דֶער שַׂר אִיז גִיגַאנְגֶען אִיבֶּערִין שְׁטוּב, אוּנ הָאט גֶעקוּקְט אוֹיף יֶעדֶער זַאךְ אַזוֹ פֶערְטְרַאכְט דָאס עֶר הָאט זיך מַאנְכֶע מָאל גֶענוּמֶען אָפּ שְׁטֶעלִין מִינוּטֶען לַאנְגְט בִּיז עֶר אִיז אַרַיין אִין קִיךְ, אוּנ הָאט גֶעוָואלְט אָן רַייכֶען אַצוּנַאר אָן דֶעם פַייעֶר וָואס הָאט אִין קִיךְ גֶעבְּרֶענְט וָואס דָארְטִין הָאט זיך גֶעקָאכְט אָוֶוענְד גְרוֹיס, דיא קֶעכִין אִיז נִיט גִיוֶועֶן זִיא אִיז אַרוֹיס גִיגַאנְגֶען, נוּר דיא פְּלִימֶענִיצֶע הָאט גֶעקוּקְט אוֹיף זַיינֶע טְרִיט, אוּנ הָאט דֶער וֶועהְן דָאס עֶר הָאט אוֹיף גִיעֶפִינְט אַפַּאפִּירֶעלֶע אוּנ הָאט אִין

דֶער גִיךְ אַרײַן גֶעשָׁאטִין אִין טָאגּ עֶר הָאט זִיךְ אוּם גֶעקוּקְט, אָבֶּער זִיא הָאט גֶעשְׁווִינְד דִיא אױגֶען אַרָאפּ גִילָאזֶען, הָאט עֶר גֶעמֵיינְט אַז קֵיינֶער הָאט נִיט בַּאמֶערְקְט, אוּנ עֶר הָאט זִיךְ נִיט גֶעמַאכְט ווִיסֶענְדִיג אוּנ אִיז זִיךְ צוּרִיק אִין שְׁטוּבּ אַרײַן, דִיא פְּלִימֶענִיצֶע הָאט שׁוֹין פֶערְשְׁטַאנֶען דָאס אִירֶע גֶעדַאנְקֶען זַיינֶען רִיכְטִיג, אוּנ אִיז גְלַייךְ צוּ גִילָאפֶען צוּם קִיךְ, אוּנ הָאט אַרוֹיס גֶענָאמֶען דִיא זוּפּ אִין אַנוואזֶע, אוּנ הָאט גֶעשְׁווִינְד צוּ גִישְׁטֶעלְט אַנְדֶערֶע צוּ קָאכֶען עֶס אִיז נָאר נִיט קֶענְטִיג גִיוֶוען, אוּנ הָאט זִיךְ גֶעטְרַאכְט דָאס יֶעצְט מוּז זִיא עֶנְטְדֶעקֶען דֶעם פֶעטֶער דָאס וָואס זִיא הָאט בִּיז יֶעצְט גֶעהַאלְטִין פַאר אַנַארֶעשֶׁקַייט, נָאר זִיא הָאט מוֹרָא גִיהַאט פִילַייכְט וֶועט וֶוערִין אַנֶערוּדֶער דַארוּם הָאט זִיא בֶּעסֶער גֶעשְׁווִיגֶען אוּם אוֹיס צוּ פִירֶען אִיר ווּאוּנְשׁ וָואס זִיא הָאט בַּייא זִיךְ גֶעטְרַאכְט.

עֶס אִיז גִיקוּמֶען דֶער אָוֶוענְד מֶען הָאט גֶעגְרֵייט צוּם טִישׁ דִיא שֶׁענְסְטֶע אוּנ דִיא בֶּעסְטֶע גֶעפֶּעס, מֶען הָאט גִיבֶּעטִין דֶעם שַׂר צוּם טִישׁ, אָבֶּער עֶר הָאט גֶעזָאגְט דָאס עֶר אִיז נִיט קַיין לִיבּ הָאבֶּער פוּן גִיקֶעכְטְץ אוּנ עֶסְט קַיין מָאל קַיין גִיקֶעכְטְץ נִיט, עֶס הָאט נִיט גֶעפַּאסְט אִים שְׁטַארְק צוּ בֶּעטִין עֶסִין, מֶען הָאט אִים דִיא שְׁוֶוערִיגְקַייט נִיט אָן גֶעטָאן מֶען הָאט אָבּ גִינֶעסִין מִיט גְרוֹיס פְרֵייד אוּנ לוּסְטִיגְקַייט, דֶער שַׂר זִיצְט אוּנ טְרַאכְט בַּייא זִיךְ וַואְט בַּאלְד אִיז אַייעֶר סוֹף, אוּנ הָאט מִיט גְרוֹיס פֶערְגֶענִיגֶען גִיהֶערְט וִויא אַקִינְד הָאט זִיךְ גִיבֶּעטִין שְׁלָאפֶען עֶר הָאט גֶעמֵיינְט אַז עֶס הָאט גֶעוִוירְקְט נַיינֶע מֶעדֶעצִין עֶנְדְלִיךְ הָאט מֶען דֶער לַאנְגְט נַויין צוּם טִישׁ, דִיא פְּלִימֶענִיצֶע הָאט גְלַייךְ גֶעחַאפְּט דִיא בֶּעכֶערִין אוּנ הָאט אִין זַיין בֶּעכֶער אַרַיין גֶענָאסִין אַיינִיגֶע טְרָאפִּין פוּן דִיא עֶסִין וָואס זִיא הָאט פְרִיעֶר אִין נַואזֶע אַרַיין גֶענָאסִין, דֶער שַׂר הָאט גַאנְץ לוּסְטִיג דֶעם בֶּעכֶער וַויין אַרַיין גֶעטְרוּנְקִין אוּנ אִיז גֶעפַאלִין אִין אַטוֹיטִין שְׁלָאף, דַאן הָאט זִיא אַרוֹיס גֶע-רוּפֶען דֶעם פֶעטֶער אוּנ הָאט אִים דֶער צֵיילְט דִיא גַאנְצֶע גֶעשִׁיכְטֶע זַייא זַיינֶען צוּ גֶעגַאנְגִין צוּ אִיהם אוּנ הָאבִּין אִיהם גִיגֶעפִינְט דִיא

פָאלְאם אונ זַיינֶען גֶעבְּלִיבֶּען וִויא פַארְשְׁטֵיינֶערְטֶע עֶר אִיז גִיוֶועזֶען בְּעלָאדִין מִיט אַפּוּלֶע גִיוֶוער אונ מִיט פִּירְכְטֶערְלִיכֶע חֲלָפִים אונ פִּיסְטָאלֶעטִין, אַגְרוֹיסֶער שְׁוֶוערְד אִין אַגָאלְדֶענֶעם רַאם הָאט גֶעהַאנְ־גֶען בַּייא אִים אִין דִיא אָרֶעם, דַאן הָאט ר׳ גדליה אַרוֹיס גִינוּמֶען זַיין שְׁוֶוערְד אונ הָאט אִים אַרָאפּ גִינוּמֶען דִיא קָאפּ, מֶען הָאט אִים גְלַייךְ אַרָאפּ גֶעשְׁלֶעפְּט אִין אַקֶעלֶער אונ מֶען הָאט אִים דָארְטִין בֶּעגְרָאבִּין, אונ מֶען הָאט פוּן אִים אַלֶעס אַרָאפּ גִינוּמֶען דַאן אִיז אַרוּם גֶעפַאלִין אַלֶע הוֹיז לַייטֶע אַרוּם דִיא פְלִימֶענִיצֶע אונ הָאבִּין אִיר גֶעקוּשְׁט פוּן גְרוֹיס פְרֵייד אונ הָאבִּין אִיר גֶעדַאנְקְט דַאפִיר וָואס זַייא זַיינֶען גֶערַאטֶעוֶועט גֶעוָוארִין דוּרְךְ אִיר.

זִיא אִיז מִיט אִיר בֶּערְיֶעשְׁקֵייט בַּייא ר׳ גדליהן אַזוֹ טַייעֶ גֶעוָוארִין דָאס עֶר הָאט אָן אִיר קֵיין זַאךְ גִיטָאן וואו עֶר הָאט בַּייא אִיר נִיט גִיפְרֶעגְט עֶר הָאט בֶּעשְׁלָאסִין אִיר פַאר זַיין זוּן פַאר אַפְּרוֹיא צוּ נֶעמִין. זִיא אִיז גְלַייךְ גֶעוָוארִין מִיט פְרֵיידֶען דִיא כַּלָה פוּן זַיין זוּן יִשְׂרָאֵל וָואס זִיא הָאט אִים שׁוֹין לַאנְג גֶעלִיבְּט, נוּר זִיא הָאט מוֹרָא גִיהַאט פַאר ר׳ גדליה דָאס עֶר וֶועט נִיט צוּשְׁטִימֶען דַארוֹיף, עֶר אִיז צוּ אִיר יֶעצְט אַזוֹ פְרֵייא גֶעוָוארִין דָאס עֶר הָאט זִיךְ גְלִיקְלִיךְ גֶעשֶׁעצְט דָאס זִיא אִיז יֶעצְט דִיא כַּלָה פוּן זַיין זוּן יִשְׂרָאֵל, דֶער חתן הָאט אִיר זַייעֶר גֶעלִיבְּט שׁוֹין פוּן לַאנְג אָן, אִיז עֶר גֶעוֶוזִים צוּ פְרִידֶען גִיוֶועזֶען דַארוֹיף, מֶען הָאט גֶעמַאכְט מִיט גְרוֹיס פַּארַאד תנאים אונ מֶען הָאט אָבּ גֶעלַיינְט אוֹיף אַהַאלְבּ יָאר דִיא גְלִיקְלִיכֶע חֲתוּנָה:

גֶעוִוזִים הָאבִּין דִיא מֶערְדֶער גֶעוַוארְט אוֹיף זַייעֶר פְּרִינְצֶעסְאַל עֶס אִיז שׁוֹין פֶערְלָאפִין אֵיינִיגֶע וָואכִין אונ עֶר מֶעלְדֶעט זִיךְ נִיט דַארוּם הָאבִּין זַייא זִיךְ אַלֶע בֶּעשְׁלָאסִין צוּ גַיין זוּכֶען דֶעם גַנָב, זַייא הָאבִּין זִיךְ אַלֶע אַבּוּנְד גֶעמַאכְט אוֹיס צוּ פָארְשְׁטִין אוֹיף רִיכְטִיג וִוער דֶער גַנָב אִיז אונ דֶער צוּ אוֹיךְ זוּכֶען דֶעם פְּרִינְצִיפַאל זַייעֶרִין, זַייא הָאבִּין גִינוּמֶען נָאךְ פְרֶעגִין וואו עֶס אִיז דָא אַיין אוֹיפְגֶעקוּמִינֶער גְבִיר זַייא הָאבִּין גֶעזָאגְט אַתִּירוּץ דָאס זַייא זַיינֶען פוּן אַיין קָאנְטָאר גֶעשִׁיקְט גֶעוָוארִין, זַייא הָאבִּין פַארְגֶעסִין דֶעם

נָאמֶען צו װעמָען זַייא זַיינֶען גֶעשִׁיקְט גֶעװָארִין , זַייא הָאבִּין דוּרְךְ גֶעריִיזְט פִיל גֶעגֶענְדִין , אָבֶּער זַייא הָאבִּין נִיט גִיפוּנֶען זַייא זַיינֶען אַזוֹ לַאנְג גֶעפָארִין בִּיז זַייא זַיינֶען גִיקוּמֶען קַיין קאשְׁטוּרע הָאבִּין זַייא דָארְטִין דֶערְװואוּסְט גָאר אַנַייעָם אוֹיף גֶעקוּמִינֶעם גְבִיר מִיט דֶעם נָאמֶען ר׳ גדליה זַייא הָאבִּין שׁוֹין דֶערְװואוּסְט דָארְטֶען דִיא הוֹיז זַיינֶע װואוּ עֶר װואוֹינְט מִיט דָעם קַאנְטָאר אוּנ דֶער גַאנְצֶער גִישֶׁעפְט , זַייא הָאבִּין זִיךְ צוּ גֶעקְלִיבֶּען צוּ דֶעם בּוּכְהַאלְטֶער אוּנ הָאבִּין אִים פָארְגֶעלַייגְט גוּטֶע אַייל צוּ קוֹיפֶען אוּנ הָאבִּין דַאבַּייא פוּן אַפַּאס אַפְּרָאבֶּע גֶעצַאפְּט אוּנ הָאבִּין אִים גֶעצַייגְט , דֶער בּוּכְהַאלְטֶער אִיז פֶערְװואוּנְדֶערְט גֶעװָארִין אוֹיף דִיא שַׁיינֶע אַייל , אוּנ הָאט אִים גִיזָאגְט דָאס עֶר קֶען הַיינְט נִיט הַאנְדְלֶען דֶען עֶס אִיז שׁוֹין צוּ שְׁפֶּעט , דַארוּם זָאל עֶר אָבּ װַוארְטִין אוֹיף מָארְגִין , אוּנ הָאט אִים דַאבַּייא גֶעצַייגְט אַשְׁטֶעלֶע װואוּ עֶר זָאל זַיינֶע װַוארֶע אַרַיין פִירֶען אוּנ דֶער סוֹחֵר מִיט דֶעם בּוּכְהַאלְטֶער זַיינֶען אַרוֹיף צוּ ר׳ גדליה װָאס דָארְטִין הָאבִּין זַייא װֶענִין גִישֶׁעפְט גִירֶעט , ר׳ גדליה אִיז צוּ פְרִידֶען גֶעװָארִין מִיט דֶעם הַאנְדִיל אוּנ הָאט אִים גֶעבֶּעטִין גֶערְכְטִינֶען בַּייא אִים דֶער סוֹחֵר הָאט זִיךְ גֶעוֶוייִם נִיט גֶעלָאזְט בֶּעטִין װַייל עֶר הָאט שׁוֹין דָאס לַאנְג גֶעדַארְפְט דִיא גֶעלֶעגֶענְהַייט .

דִיא כֶּעכֶער הָאט מֶען אַרַיין גֶעפִירְט אִין קַטַאדָאלֶע , אוּנ דֶער פְּרִיקַאשְׁצִיג הָאט גֶענֶעכְטִיגְט אוֹיךְ אוֹיבֶּען בַּייא ר׳ גדליהן מִיט דֶעם סוֹחֵר צוּזַאמֶען , זַייא הָאבִּין אָבּ גִיגֶעסִין אוּנ מֶען הָאט גִינוּמֶען זִיךְ פַארְטִיג מַאכִין צוּם שְׁלָאפִין , פַארִין שְׁלָאף הָאט מֶען דֶער לַאנְגְט װַיין אוֹיךְ דֶער סוֹחֵר הָאט גֶעטְרוּנְקֶען אוּנ הָאט זִיךְ נוּט צוּ שִׁכְּרוּת װַייל עֶר אִיז נִיט גֶעװואוֹינְט גִיװֶוען דֶער צוּ אוּנ עֶר אִיז פֶעסְט אַיין גֶעשְׁלָאפִין .

דִיא פְּלִימֶענִיצֶע הָאט גֶענַייט בַּייא אִיר אִין צִימֶער , אוּנ אִין מִיטִין נַאכְט אִיז זִיא צוּ קוּרְץ גִיקוּמֶען מִיט אַייל , נָאר זִיא הָאט דָאךְ גִיזָעהֶען דָאס מֶען הָאט אַרַיין גֶעפִירְט פִיל פֶעסֶער מִיט אַייל דַארוּם אִיז זִיא גִינַאנְגֶען אִין שְׁטָאל צוּ נֶעמֶען פוּן דִיא

פעסער אביסיל אייל, זיא נייט אריין אונ ווערט זייער ערשראקען הערענדיג אשטימע פון אפאס וואס האט גיפרעגט, נוא ביסטו דו שוין פארטיג? זיא איז געווארין זייער דער שראקין הערענדיג דיא ווערטער אונ האט זיך בעדיינקט דאס דא אין דיא פעסער זיינען דא רויבער, דארום איז זיא גלייך אריין געלאפין אונ האט גערופין איר ברודער מיט דעם חתן זייא זיינען אלע אריין אין סטאדאלע, דיא מערדער האבין געמיינט דאס זייערע ברידער דער פערשטעלטער סוחר מיט דעם פריקאשציק גייען עס אריין אין שטאל, האבין זייא ווייטער גיפרעגט שוין פארטיג, נאך ניט האט גיענטפערט דער ברודער איהרער מיט אדיקע שטימע, אונ דער רויבער אין פאס האט ניט געקאנט פאר שטיין ווייל אין פאס הערט זיך ניט אזו לויט דארום איז ער שטיל געבליבען, זיא האט גינומען דעם עסער אייל אונ איז אריין אין שטוב אונ האט אויף געלייגט אפייער אונ גוט אויף געקאכט דיא אייל אונ זיינען אריין אין שטאל, דיא רויבער האבין זיך דער פרייט זייא האבין געמיינט אז מען גייט שוין אב שליסען דיא פעסער זייא זאלין שוין ארויס גיין, אבער אויף דער פראגע פון דעם רויבער אויב מען איז שוין פארטיג מיט דיא הויז לייט, האט ער בעקומען ווייטער דעם זעלבינגען אנטווארט, נאך ניט! זיא איז ארויף אויף דיא אקסען פון וואגין אונ האט איינציג ווייס אריין גענאסין אין יעדער פאס דיא אייל, דיא רויבער זיינען גילעגין מיט דיא מיילער ארויף דאס זייא זיינען גלייך צוא קאכט גיווארען ביז איינעם. נאכהער זיינען זייא ארויף צוריק אין שטוב אונ זיינען אריין אין צימער וואו ביידע סוחרים זיינען געשלאפין אונ האבין זייא דער-וואוסט שלאפענדיג מיט אגרויסען חראפען זיא איז צו גינאנגען צו זייא אונ האט זייא גיעפינט דיא קליידער, זייא זיינען שוין ניט פערוואונדערט געווארין אויף דיא געווער, דען זייא האבין שוין פערשטאנען אז זייא זיינען רויבער זייא האבין ארויס גענומען זייערע געווער אונ האבין זייא דיא קעפ ארונטער גינומען, גלייך האבין זייא [illegible] ר׳ גדליהן אונ ער איז גלייך אויף

גישטאנען דיא האפין אים ערציילט ער איז גלייך מיט טרערין באדעקט געווארין נאט דאנקענדיג פאר זיין חסד וואס ער טוט מיט אים שוין דעם צווייטען מאל, ער איז ארויף געפאלין אויף זיין פלימעניצע אונ האט איר באדעקט מיט קושען עס איז גע-ווארין אטרעוואנע מען האט גיבראכט פאליציא מען האט גיעפינט אלע פעסער אונ מען האט זייא ניפונען טויטע.

דיא פאליציא האט זיך שטראשנע פערוואונדערט איבער דיא בעריעשקייט פון דיא פלימעניצע, אונ זיא האט בעקומען אגרויס ארטיגע נאגראדע מען האט אלע טרופען אוועק געפירט אונ בעגראבין אין אפעלד וואס פון דארטין זיינען זייא שוין מער ניט אויף געשטאנין. ר' נדליה האט איינגעשפאנט זיין פערד אונ איז אוועק געפארין אין וואלד וואו ער האט דערוואוסט דעם שליסיל אונ איז אראפ אין קעלער, דאמאלס האט ער שוין קיין מורא ניהאט דען ער האט דעם רעכענונג גיהאט דאס ער איז שוין מיט זייא אלעמען פארטיג, דען דעם ערשטין מאל ווען דער מערדער האט זיך פערשטעלט פאר אשר האט ער פארטיג גע-מאכט דרייא אונ יעצט צווייא דעם סוחר מיט דעם פריקאשציק אונ אין דיא זיבען פעסער איז שוין ניין, אונ מער וויא צוועלף איז דאך ניט ניוועזן איז דאך שוין ווארשיינליך מער ניט דא, איז ער גאנץ לוסטיג אראפ אין היל אונ האט גינומען אויס קוקען אלע ווינקעלאך, העכסט וואונדערפאר איז אים ניוועזן דיא געביידע, עס איז גיוועזן געפאסט דיא ווענד מיט טייערע מארמאר שטיינער עס איז בעשטאנען פון פיל צימערין ער האט דערוואוסט אין יעדען ווייטערדיגען צימער מעהר רייכקייט אונ שוינהייט. דער נאך איז ער גיקומען אין דעם צימער וואס ער האט פאר שטאנען אז דא האט געוואוינט דער שר אליין, דיא ווענד איז גיוועזן גיפאסט מיט גאלדענע מינצין, דיא אונטער בעטין זיינען גיוועזן גענציערט מיט טייערע טעפיכטען, עס איז שרעקליך צו זעהען אלעס, אונ דיא געבייען פון דיא צימערין איז גיוועזן וויא דיא אלטע פאר צייטיגע צוויבעריש שלעסער

וָואס קוּמֶען פָאר אִין פִילֶע עֶרְצֵיילוּנְגֶען , ר׳ גדליה הָאט גֶעפַּאקְט
וְויא פִיל עֶר הָאט גִיקֶענְט אִין זֶעק אוּנ אִיז גַאנְץ רוּהִיג אַוֶועק
גֶעפָארִין אוּנ הָאט שוֹין דִיא שְׁלִיסֶעל מִיט זִיךְ גִינוּמֶען נָאךְ אַמָאל
צוּ פָארִין , נָאךְ דֶעם וְויא עֶר אִיז גִיקוּמֶען אַהֵיים אוּנ הָאט גֶעצֵייגְט
זַיינֶען זַייא הֶעכְּסְט פַארְוואוּנְדֶערְט גֶעוָוארִין אוֹיף אַלֶע טֵייעָרֶע
זַאכִין , דֶעם צְוֵייטֶען מָאל הָאט מֶען אַיין גֶעשְׁפַּאנְט צְוֵייא וֶועגִין ,
אוּנ עֶס אִיז מִיט גֶעפָארִין מִיט ר׳ גדליהן דֶער זָאהְן מִיט דֶעם
פְּלִימֶענִיק , זַייא זַיינֶען בַּאלְד צוּ שְׁטָארְבִּין פוּן שְׁרֶעק וָועהֶענְדִיג
דֶעם צִימֶער מִיט דִיא הֲרוּגִים , זַייא הָאבִּין דָארְטִין אַזוֹ פִיל טְרֶעֶרִין
פֶערְגָאסִין , מֶער וְויא פִיל טְרָאפִּין בְּלוּט עֶס אִיז אִין דֶעם הֵייל
פֶערְגָאסִין גֶעוָוארִין , זַייא הָאבִּין אוֹיס גֶערַאמְט בִּיז אַהָאר אוּנ
זַיינֶען אַהֵיים גֶעפָארִין מִיט גְרוֹיס פְרֵייד אוּנ זַיינֶען גֶעוָוארִין רוּהִיג ,
דֶען זַייא הָאבִּין שוֹין פַאר קֵיינֶעם קֵיין מוֹרָא גִיהַאט .

אִין אַפָּאר וָואכִין אַרוּם אִיז גִיוֶוען דִיא פְרֵיילִיכֶע חֲתוּנָה
בַּייא דִיא פְּלִימֶענִיצֶע מִיט דֶעם זוּן , דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט הָאט זִיךְ
גֶעפְרֵייט פוּן גְרוֹיס פֶערְגֶענִיגֶען וָואס עֶס הָאט אִין דֶער שְׁטָאט
עֶקְסֶעסְטִירְט , עֶס אִיז גִיוֶוען פְרֵיילִיךְ יֶעדֶען אָרֶעמֶען מֶענְשִׁין , מֶען
הָאט גִימַאכְט מָאלְצַייטִין וָואס אִיז נִיט גִיוֶוען אָפּ צוּ שַׁאטְצֶען
פוּן טַייעֶרְקַייט , אוּנ מֶען הָאט גֶעהוּלֶעט צְוֵייא וָואכִין נָאךְ אַנַאנְד
נָאךְ דֶעם אִיז גִיוֶוען חֲתוּנָה בַּייא זַיין טָאכְטֶער מִיט דֶעם פְּלִימֶענִיג
עֶס אִיז גִיוֶוען אַשִׂמְחָה אִין דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט , פִילֶע אָרֶעמֶע
לַייט הָאבִּין שוֹין פוּן דִיא חֲתוּנוֹת זִיךְ אַייבִּיגֶע בְּרוֹיט פֶערְזָארְגְט ,
מֶען הָאט אוֹיס גֶעטְהֵיילְט מַאסֶען צְדָקוֹת , אוּנ מֶען הָאט נָאךְ
גֶעהוּלֶעט פִיל טֶעג .

דֶער נָאךְ אַז ר׳ גדליה הָאט שוֹין זַיינֶע אַלֶע קִינְדֶער חֲתוּנָה
גִימַאכְט הָאט עֶר זַייא אַלֶע גֶעשֶׁעפְטִין אִיבֶּער גִיגֶעבִּין , אוּנ עֶר
הָאט זִיךְ גִיזֶעצְט על התורה ועל העבודה , אוּנ הָאט גִילֶעבְּט
נָאךְ דֶעם גַאנְץ לַאנג אִין גְרוֹיס כָּבוֹד מִיט דִיא וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער
אוּנ זַיינֶען אַלֶע גְלִיקְלִיךְ גִיוֶוען .

סִיינֶע לִיבֶּע לֶעזֶערְס נוּא קָאנְט אִיר זִיךְ אַיין דִיכְטִיגֶען מוּסָר

ארונטער געמען, וויא יעדער מענש דארף אויך לעבין פאר דעם צווייטען ניט פאר זיך אליין, וויא דיא גמרא זאגט אונז כי זה כל האדם. כל העולם לא נברא אלא לצוותא לזה דאס מיינט מען יעדער מוז ניט זיין ביא זיך גינארט אז ער איז נור בעשאפין געווארין אליין רייך צו זיין אונ אליין הנאה צו האבין פון דער וועלט אונ וועגין דעם אנדערין ניט צו קימערין זיך דרויף געוויס ניט, נור יעדער מענש איז בעשאפין געווארין אויף דער וועלט איין דינער אונ איין פערשאפער צו זיין דעם אנדערין, אונ אים וואס נוצליכעס צו ברייגגען, דער ברייגגט דעם צו אלע עניני עולם הזה זאבין, אונ דער צווייטער ברייגגט צו ווידער דעם אלע זאכען וואס ברייגגען צו עולם הבא, אזו קאן דיא וועלט אקיום האבין, אבער ניט וויא דער שלעכטער ברודער האט זיך אויף געפירט דארום האט גאט אוועק גינעבין דאס געלד איין בעסערין טיילער וואס ער וועט ניט צו נעמען פאר זיך אונ קיין אנדערין ניט אפ געבין אונ ווער עס פירט זיך אין ריכטיגען וועג וועט אים גאט ברוך הוא העלפין.

ענדע